# אידיש־ענגליש
# בריוועגשטעלער

# YIDDISH-ENGLISH
# LETTER WRITER

פון
זלמן פעזנער

By
SAMUEL PASNER

היברו פאבלישינג קאמפאני
77—79 דילענסי סטריט, ניו יארק

# געשעפטס־בריוו

## אינהאלט

זייט

זייט

# פּערזענליכע בריוו
# צו פֿריינט און פֿאַמיליע

# ליבעס־בריוו

# פאַרשידענס

זייט

# פאָרוואָרט

דער איצטיגער בריוועגשטעלער איז באַזירט אויף דער אַרבעט פון דר. אלכסנדר הארקאווי, וועלכע איז דערשינען אין 1902, זייט דער דערשיינונג פון הארקאווי'ס ענגליש-אידישען בריוועגשטעלער אינ'ם אָנפאַנג פון דעם צוואנציגסטען יאָרהונדערט זיינען פילע ענדערונגען פאָרגעקומען אין דער וועלט בכלל און אין געשעפטסמעטאָדען בפרט. צוליב אָט די אונצעהליגע ענדערונגען איז געוואָרען שטאַרק נויטיג אַרויסצוגעבען אַ פאַרבעסערטע און מאָדערניזירטע אויסגאַבע פון דעם אַמעריקאנער אידישען בריוועגשטעלער. און מיר ווילען האָפען אַז אָט די פאַרבעסערטע אויסגאַבע וועט ברענגען אַ גרויסען נוצען צו טויזענטער וועלכע נויטיגען זיך אָפט אין אַ געהעריגען טעקסט פאַר בריוו פון פאַרשידענעם אינהאַלט. אַ סך מאָל איז דער מענש צו פאַרנומען זיך צו דערטראַכטען וואָס צו שרייבען מכוח דעם אָדער יענעם ענין. ווען אָבער ער גיט אַ קוק אינ'ם איצטיגען בריוועגשטעלער וועט ער שנעל דערפאַרען ווי אָנצופאנגען און וואָס צו זאָגען.

דער אינהאַלט פון יעדען בריוו ווערט קורץ געגעבען אין אידיש און ניט אין ענגליש, כדי יעדער איינער וועלכער וויל שרייבען וועגען געשעפט אָדער אַנדערע אנגעלעגענהייטען זאָל שנעל און גענוי דערגיין וואָס ער וויל און דאַרף זאָגען אין אַ קורץ-געפאַסטען, קלאָרען אידיש אָדער ענגליש.

די אַלע בריוו וועלכע זיינען אַריין אין דער איצטיגער זאַמלונג זיינען מוסטער בריוו, וועלכע קענען אָפט באַנוצט ווערען אינגאַנצען אָדער טיילווייז. זיי זיינען הויפּזעכליך באַשטימט צו שאַפען אַ געהעריגען תוכן און צו צייגען ווי אַזוי אָנצופאַנגען. ווייל, ווי באַוואוסט, דאָס שווערסטע איז דאָס אָנפאַנגען (כל התחלות קשות).

ווען מ'שרייבט אַ בריוו דאַרף מען האָבען קלאָר אין זינען די פונקטען איבער וועלכע מ'גייט שרייבען. אָט די פונקטען דאַרפען פאָלגען אַ געוויסען סדר און אָרדנונג.

די שפּראַך פון אַ בריוו דאַרף זיין געניי און דייטליך. מ׳דאַרף ניט באַנוצען מער ווערטער ווי ס׳איז נויטיג אויסצודריקען דעם געדאַנק.

אָנפאַנג בריוו דאַרף זיין אַוועקגעשטעלט דער דאַטום פון׳ם שרייבען. אַ חוץ דעם דאַרפען קומען אייניגע קאָמפּלימענט-אויסדרוקען, ווי „חשוב׳ער פריינט״, „ליבער חבר״, „טייערער קוזין״. צום סוף בריוו קומען געוועהנליך געוויסע אויסדרוקען פון אַכטונג, פריינטשאַפט און חבר׳שאַפט, ווי „בכבוד רב״, „בברכת כל טוב״, „אויפריכטיג אייערער״, „דיין ליבענדער פריינט״. בריוו צו נאָענטע פריינט זיינען געוועהנליך האַנט-געשריבען.

לאָמיר האָפען אַז דער געגענווערטיגער בריוועשטעלער וועט דינען אַלס גוטער וועגווייזער ווי צו שרייבען אַ בריוו מיט טאַקט און צו דער זאַך.

**זלמן פעזנער**

סעפּטעמבער, 1960

# געשעפטס־בריוו

## *BUSINESS LETTERS*

### 1

### אַ פרייזליסט פון סחורה פאַרלאַנגט

14 פעברואַר, 1960

געערטער פריינט:

זייט אַזוי גוט און שיקט מיר אייער נייעסטען קאַטאַלאָג, ווי אויך די פרייזען פון די אַרטיקלען וועלכע איך האָב פאַרצייכענט אינ׳ם בייגעלעגטען צעטעל. אויב איך וועל זיין צופרידען מיט די פרייזען אייערע, וועל איך אייך באַלד געבען אַ גרויסע באַשטעלונג.

כ׳בעט אייך, שיקט מיר אייער קאַטאַלאָג דורך לופט־פּאָסט.

בכבוד,

ר. שפּיגעל

February 14, 1960

Card Company, Inc.
51 North S Street
Chicago, Illinois

Gentlemen:

Please send me your latest catalogue and/or prices on the enclosed list of items. If your prices are satisfactory, I shall give you a large order soon.

Please send me this list by air mail.

Very truly yours,
R. Spiegel

# 2

## ענטפער אויפן פאָריגען בריוו

1960 ,16 פעברואַר

חשוב'ער מר. שפיגעל :

מיר שיקען אייך צוריק אייער רשימה פון אַרטיקלען אויף וועלכע איהר האָט פאַרלאַנגט פרייזען. איהר וועט באַמערקען, אַז מיר האָבען פאַרצייכענט די פרייזען פאַר איינצעל-פאַרקויף און האָבען אייך געגעבען דעם בענעפיט פון אונזערע פרייז-פאַרקלענערונגען.

איהר וועט אויך באַמערקען, אַז צוויי אַרטיקלען זיינען אויסגעשטראָכען. צייטוויייליג פעהלען זיי אונז אויס. אויב איהר ווילט לאָזען אַ באַשטעלונג פאַר זיי אויף שפּעטער, וועלען מיר עס גערן אָננעמען. יעדענפאַלס קענען מיר אייך ניט פאַרשפּרעכען זיי אייך אַרויסצושיקען בעפאָר דעם ערשטען מאַי.

מיר האָפען, אַז איהר וועט זיין צופרידען מיט די פאַרצייכענטע פרייזען. אָבער מיר וואָלטען וועלען פאָרשלאָגען אַז, היות די פרייזען וועלען באַלד געהעכערט ווערען, איהר זאָלט גלייך איצט געבען אייער באַשטעלונג.

מיט אַכטונג,

משה בראון

February 16, 1960

Mr. R. Spiegel
Ace Book and Stationery Company, Inc.
2444 Main Street
New York, N. Y.

Dear Mr. Spiegel:

We are returning to you the list of items for which you requested prices. You will note that we have filled in these retail prices and given you the benefit of our reductions.

You will also note that two items on the list have been crossed out. We are temporarily out of stock on these, but if you wish to place an order for them for future delivery, we shall gladly accept it. However, we cannot promise delivery much before the first of May.

We hope the prices quoted are agreeable to you, but should like to suggest that you place your order at once, since prices may soon be increased.

Yours truly,
Morris Brown
Card Company, Inc.

## 3

## אַ באַשטעלונג פון סחורה

15 מערץ, 1960

חשוב'ע פריינט:

איך שיק אייך דאָ אַ מוסטער פון סחורה פאַר מענער־קליידער, הונדערט פראָצענט וואָל, 54 אינטש ברייט — אייער באַשטעל נומער 6489, וועלכער, ווי איך פאַרשטיי איז 5 דאָלאַר אַ יאַרד. אויב איך מאַך ניט קיין טעות אין דעם פרייז, בעט איך אייך מיר צו שיקן אַ פאַקעט פון דעמזעלבען מאַטעריאַל, מיט פאָרטאָ פאָראויס באַצאָלט.

איך באַציה מיך אויף פאָלגענדע קרעדיט אָנווייזונגען:

Manufacturers Union and Trust Company
644 Madison Street, Tarryton, Pennsylvania
Porr Trading Post, Center Street, Tarryton, Pa.
Abingdon Mills, Gloversville, Ohio

אונזער באַנק וועט אייך אינפאָרמירען אַז מיר באַצאָלען אונזערע חובות אין משך פון צעהן טעג נאָכ'ן באַקומען די נאָטיצן וועגען זיי, אָראָפרעכענדיג צוויי פראָצענט.

זייט אַזוי גוט און באַשטעטיגט אָט די באַשטעלונג. לאָזט אונז וויסען, אונגעפעהר ווען די דאָזיגע באַשטעלונג וועט אַרויסגעשיקט ווערען.

אויפריכטיג אייערע,

ק. גודמאַן

March 15, 1960

W. D. Richards, Limited
Bay Street, W9
Manchester, England

Gentlemen:

I enclose a sample of men's suiting, 100% wool, 54″ wide—your order No. 6489, which I understand is $5.00 per yard. If I am correct in this price, please be good enough to send me a bolt of this material, charges prepaid.

I refer you to the following credit references:

Manufacturers Union and Trust Company
644 Madison Street
Tarrytown, Pennsylvania

Porr Trading Post
Center Street, Tarrytown, Pa.

Abingdon Mills, Gloversville, Ohio

As our bank will inform you, we pay all bills within ten days of their receipt, less 2%.

Please acknowledge acceptance of this order, and approximate date of shipment.

Sincerely yours,
K. Goodman

4

## אַ באַשטעלונג פון זאַכען וועלכע זיינען אַנאָנסירט געוואָרען אין אַ צייטונג

געערטע פריינט:

זייט אזוי גוט און שיקט מיר —

איין טוץ שפולקעס פאָדים:

6 שוואַרצע און 6 ווייסע

פאַר צעהן סענט אַ שפולקע,

ווי איהר האָט אַנאָנסירט אין „סאָנדעי טיימס" פון 20־טען מערץ.

ביילינגענד איז מיין טשעק פאַר $1.20.

אַ דאַנק אייך.

אויפריכטיג אייערע,

דניאל ד. פאקס

March 22, 1960

Blank & Green, Inc.
42 Carolina Street
Boston, Massachusetts

Gentlemen:

Please send me

1 dozen spools of thread
6 black – and 6 white
@ 10¢ per spool

as advertised by you in the New York Sunday Times, of March 20th. My check in the amount of $1.20 (one dollar and twenty cents) is herewith enclosed.

Thank you.

Sincerely yours,
Daniel D. Fox

## 5

### אַ פאָרשלאַג פון אַ פירמע צו פאַרקויפען אימפּאָרטירטע סחורה׳ס פאַר די נידעריגסטע פרייזען.

6 יאַנואר, 1960

חשוב׳ע פריינט:

איך האָב געהערט אַז איהר ווילט איצט קויפען אַ געוויסע קוואַנטיטעט סחורה, רעיאָן און לינען. היות ווי מיר וואָלטען וועלען האָבען די געלעגענהייט אייך צו באַדינען, שיקען מיר אייך מוסטערען וועלכע וועלען אייך ציינען ווי גרוים ס׳איז אונזער אויסוואַהל פון אימפּאָרטירטע און אַמעריקאַנער סחורות, גרייט פאַר באַלדיגער באַשטעלונג.

איהר וועט זיכער באַלד זיך דערוויסען אַז מיר גיבען אייך אויס-געצייכענטע סחורות פאַר די נידריגסטע פרייזען. איהר וועט באַ-מערקען, אַז צוזאַמען מיט יעדען מוסטער קומט אַ רשימה פון די קאָלירען וועלכע קענען ווערען באַשטעלט, ווי אויך די פרייזען פון יעדען מין.

האָפענדיג צו טאָן געשעפט מיט אייך,

אויפריכטיג אייערער,

מ. ס. אוירבאך

January 6, 1960

Brandon's Linen Shop
42789 Broadway
Kalamazoo, Michigan

Gentlemen:

It has come to our attention that you are in the market for a quantity of rayon and linen yard goods. Since we should like to have the opportunity of serving you, we enclose swatches that will give you an idea of the wide variety of imported and domestic fabrics which our firm has available for immediate delivery.

I am confident you will find we are offering you excellent values at the lowest prices available anywhere. You will note that each swatch has attached to it a list of the colors in which it may be ordered and also prices per bolt.

We hope to have the pleasure of serving you.

Sincerely yours,
M. S. Ourbach

## 6

### ענטפער אויפן פאָריגען בריוו

29 פעברואַר, 1960

ליבער מר. אוירבאַך:

איך בין אייך דאַנקבאַר פאַר אייער בריוו פון 6־טען יאַנואַר. מיר זיינען איצט גרייט צו קויפען לייווענט, און מיר האָבען מיט פיל אינטערעס דורכגעקוקט די מוסטערען וועלכע איר האָט אונז געשיקט.

מיר האָבען אויסגעקליבען דריי פון די ביילּיגענדע מוסטערען, וועלכע מיר וואָלטען וועלען האָבען אין לאַגער אויב אַייערע פּרייזען זיינען ריכטיג. זייט אַזוי גוט און לאָזט אונז וויסען אייערע בעסטע פּרייזען און פּראָצענט רעדוצירונגען.

מיר האָבען אַ געשעפט פון דורכאַוים בעסטער סחורה. מיר טוען אַ גרויסען מסחר, און מיר קויפען מיט אַמאָל גרויסע קוואַנטי־טעטען וואַרע. אויב איר קענט אונז געבען וואָס מיר פאַרלאַנגען, וועלען מיר זיך פרייען צו טאָן געשעפט מיט אייך.

דערוואַרטענדיג אייער שנעלען ענטפער, פאַרבלייבען מיר
מיט אַכטונג,
הענרי דזשאָזעפזאָן
ברענדאַנ׳ס לינען שאַפּ

February 29, 1960

Mr. M. S. Ourbach
Merchandise, Inc.
South Bend, Indiana

Dear Mr. Ourbach:

Thank you for your letter of January 6. We are now in the market for linens and we examined the swatches you sent us with great interest.

We have selected three of these swatches, herewith enclosed, which we would like to have in stock, provided your prices are right. Will you send us by return mail your best prices and discounts?

We are a quality store and carry only the finest merchandise. We have a good turnover and usually buy in quantity. If you can supply our needs, we shall be happy to do business with you.

Looking forward to an early reply, we are

Very sincerely yours,
Henry Josephson
BRANDON'S LINEN SHOP

## 7

## וועגן באַקומען סחורה, שיקען געלט און פרישע באַשטעלונגען

2 פעברואַר, 1960

גערטע פריינט:

אין באַצוג צו אייער חשבון נומער 423-פראַכט-רעכנונג נומער L-20.

מיר האָבן באַקומען אייער בריוו פון דעם 18-טען, צוזאַמען מיט אייער חשבון און פראַכט-רעכנונג, ווי אויבן דערמאָנט. דאָ בייגעלעגט איז אַ אָנווייזונג אויף דייווים ענד קאָמפּאַני פאַר 900 דאָלאַר.

מיר ווילען אייך דאנקבאר זיין אויב איר וועט אונז שיקען דאס פאלגענדע באלד נאכ'ן דערהאלטען דעם דאזיגען בריוו:

45 פעקלאך טוך פאר $2.50 א יארד.

15 פעקלאך רעיאן לאינינג פאר 45 סענט א יארד.

די קוואליטעט און די קאלירען פון דער דאזיגער ווארע מוזען שטימען מיט דעם וואס איך האב אנגעציייגט אין מיין בריוו פון דעם 5-טען יאנואר.

דאנקענדיג אייך זעהר פאר אייער באלדיגער אויפמערקזאמקייט,

בכבוד רב,

י. ב. הערמאן

February 2, 1960

XYZ Company
Mavis Hill Road
Philadelphia, Pa.

Gentlemen:

(Re: Your Invoice No. 423 – Bill of Lading No. L-20)

We have your letter of the 18th, together with your invoice and Bill of Lading as listed above. Enclosed herewith is a Bill of Exchange on DAVIS AND COMPANY for $900.00.

We shall appreciate it if you will send us the following immediately upon receipt of this letter:

45 bolts of cloth @ $2.50 per yard.

15 bolts of rayon lining @ $0.45 per yard.

These must be in the quality and the colors specified in my letter of January 5th.

Thank you for your prompt attention.

Yours truly,
J. B. Herman

## 8

## וועגען באַקומען סחורה און שיקען געלט

3 מאַי, 1960

טייערער מר. סטערן:

מיר דאַנקען אייך פאַר אייער בריוו פון דעם 24־טען יאַנואַר, צוזאַמען מיט אייער חשבון נומער 6040.

איך שיק אייך דאָ אַ דראַפט פון ‎$450‎ אויף מר. דזשאָרדזש גלאַס פון אייער שטאָט. איר וועט אַזוי גוט זיין און צושרייבן אָט דעם דראַפט צו מיין קרעדיט. איר וועט מיר טאָן אַ געפעליגקייט ווען איר וועט באַשטעטיגען דיזען בריוו.

מיין באַשטעלונג פון אַ קורצער צייט צוריק איז היינט אָנגעקומען, און איך בין דורכאויס צופרידען מיט דער קוואַליטעט פון דער וואָל. די קאָלירען זיינען שיין, און ווערען פיל פאַרלאַנגט.

בכבוד רב,

מ. ס. בערגער

May 3, 1960

Mr. R. Stern
ABC, Inc.
Albany, New York

Dear Mr. Stern:

Thank you for your letter of January 24, together with your Invoice No. 6040.

I enclose herewith a draft in the amount of $450 on Mr. George Glass of your city, which you will please credit to my account. I shall appreciate an acknowledgment of its receipt.

My recent order arrived today, and I am particularly pleased with the quality of the woolens. The colors are attractive and much in demand.

Very truly yours,
M. S. Berger
M. S. BERGER & COMPANY, INC.

## 9

## ענטפער אויפן פאַריגען בריוו

1960 ,9 מאַי

געערטער מר. בערגער:

מיר באַשטעטיגען דאָס מיר האָבען דערהאַלטען אייער געלט־אָנווייזונג אויף מר. גלאס אין דער סומע פון 450 דאָלאר, וועלכע מיר האָבען קרעדיטירט אויף אייער חשבון.

מיר זיינעןווירקליך צופרידען צו הערען אַז אונזער נייע וואָל איז אייך געפעלען, און מיר האָבען עס דערצעהלט אונזערע פאַרבער.

מיר האָפען צו שטיין מיט אייך אין וויטערדיגע געשעפטליכע פאַרבינדונגען.

אויפריכטיג אייערער,

ר. סטערן

May 9, 1960

Mr. M. S. Berger
M. S. Berger and Company, Inc.
Cincinnati, Ohio

Dear Mr. Berger:

This will acknowledge receipt of your draft on Mr. Glass in the amount of $450 which we credited to your account.

We are indeed pleased to learn that you like our new woolens, and we have so informed our dyers.

We look forward to serving you again in the near future.

Sincerely yours,
R. Stern
ABC, Inc.

## 10

## באַצאָלונג פאַר דערהאַלטענע סחורה און מעלדונג וועגען אַ שאָדען אין אַ פּאַקעט וואָס ווערט צוריקגעשיקט

1960 ,1 אַפּריל

חשוב'ע פריינט:

אין באַצוג צו אייער באַשטעלונג נומער 626, אייער חשבון נומער 24001-1, דאַטירט 6/22/59.

מיר זיינען איבעראַשט געווען אויסצוגעפינען אַז איין פאַקעט מיט ווייסען־ניילאָן־אָווענט־הענטשקעס, נומער 14K-1 , שיינט צו האָבען ראָסט־פלעקען אויף די קנעפלאַך. דער שאָדן איז אַזוי גרויס אַז ס'איז ניט מעגליך צו פאַרקויפען די הענטשקעס אפילו פאַר'ן פרייז וואָס מיר אַליין האָבען באַצאָלט. דערפאַר שיקען מיר זיי אייך צוריק דורך פאָסט.

מיר האָבען אַראָפגערעכענט פון אייער אויבענדערמאָנטען חשבון דעם פרייז פון די הענטשקעס צוזאַמען מיט דעם באַטרעף פון שיקען און פאַרזיכערונג, און מיר שיקען אייך דאָ אונזער געלט־אָנווייזונג אויף $96.25. מיר פיהלען זיכער אַז איר וועט מסכים זיין.

אויב די איצטיגע וואַרע וועט אָנקומען אַזוי שנעל ווי די לעצטע, וועלען מיר אייך געבען נאָך אַ באַשטעלונג בעפאָר פרילינג.

מיט אַכטונג,

י. ב. האַבערמאַן ענד סאָנס

April 1, 1960

The Wear With All Glove Company
Broadway & Ninth Street
Marionville, New York

Gentlemen:

Re: Our Order No. 626
Your Invoice No. 1-24001, dated 6-22-59

We were surprised to find that one package of white nylon evening gloves #14K-1, seems to have rust spots on the buttons. The damage is so great that it is not possible to sell these gloves even at cost. Therefore, we are returning them to you via parcel post, insured.

In payment of your above invoice, we deducted the price of these gloves, plus postage and insurance charges, and we enclose our check in the amount of $96.25. We are confident that this will meet with your approval.

If this shipment moves as quickly as the last one did, we shall be placing another order with you before spring.

Yours very truly,
J. B. Haberman and Sons

## קלאַגע וועגן שלעכטע סחורה

28 פעברואַר, 1960

ליבער מר. שוואַרץ:

ס'טוט מיר לייד אײַך צו לאָזן וויסן, אַז דער רעיאָן־אונטערשלאָג וואָס אײַער פירמע האָט מיר לעצטענס געשיקט איז אָנגעקומען שטאַרק באַשעדיגט. איך שיק אײַך צוריק די סחורה דורך עקספּרעס אויף אײַערע הוצאות. ווי איר וועט באַמערקן, איז די סחורה שטאַרק דורכגענעצט.

אין דער צווישנצײַט, זײַט אַזוי גוט און שיקט מיר גלײַך נאָכאַמאָל דאָס וואָס איך האָב בײַ אײַך באַשטעלט אין מײַן אָריגינעלער באַשטעלונג, נומער E—549 אײַער חשבון נומער XB-233. איך האָב אַ צאָהל קונים אויף דער סחורה.

איך דאַנק אײַך פאַר אײַער שנעלער אויפמערקזאַמקייט אין אַט דעם ענין.

אויפריכטיק,

ס. שומאַן

February 28, 1960

Mr. R. S. Schwartz
The Rayon Mills
Worcester, Mass.
Dear Mr. Schwartz:

I regret to inform you that the last shipment of rayon linings sent me by your firm was seriously damaged in transit. I am returning the merchandise to you, express collect. As you will see, it was badly water-soaked.

In the meantime, please duplicate at once my original order: Our order #E-549—Your order #XB-233. I am holding a number of orders on hand for this merchandise.

Thank you for your prompt attention to this matter.

Sincerely,
S. Schuman

## ענטפער אויף בריוו נומער 11

5 מערץ, 1960

אין באַצוג צו אונזער חשבון נומער XB-233,
אייער באַשטעלונג נומער E-549

ליבער מר. שומאַן:

אַ דאַנק פאַר אייער בריוו פון דעם 28-טען פעברואַר. ס'האָט אונז לייד געטאָן הערענדיג וועגן דעם שאָדען אין דער סחורה וואָס מיר האָבען אייך לעצטענס געשיקט. איר האָט געטאָן ריכטיג דערמיט וואָס איר האָט אונז צוריקגעשיקט די סחורה. איר האָט האָפענטליך צוריקגעשיקט די פעקלאַך אין זייער אָריגינעלער איינוויקלונג, ווייל מיר ווילען זיי צייגען דער פראַכט-קאָמפּאַני. זייט זיכער דאָס די סחורה איז גוט דורכגעזען געוואָרען איידער זי האָט פאַרלאָזען אונזער פאַבריק.

מיר האָבען אויפסניי צוזאַמענגעשטעלט אייער אָריגינעלע באַ-שטעלונג, וועלכע איז שוין אַרויסגעשיקט. מיר האָפען, אַז די סחורה וועט אָנקומען צו אייך אין גוטער אָרדנונג, און אַז דער פאַרדרים-ליכער צופאַל האָט אייך ניט פאַרשאַפט צופיל אונאַנגענעמליכקייט.

אויפריכטיג אייערער,
ר. ס. ניומאַן
פּרעזידענט, רעיאָן מיללס

March 5, 1960

Mr. S. S. Schuman
The Lining Shop
260 Canal Street
New York, N.Y.

Re: Our Invoice #XB-233
Your Order #E-549

Dear Mr. Schuman:

Thank you for your letter of February 28. We were sorry to learn of the damage to our last shipment of linings sent to you. You were right in returning the goods to us. We hope you returned the packages in their original wrappings, because we want to

show them to the trucking company. We assure you the merchandise was carefully inspected before it left our mills.

We duplicated your original order, which is already in transit. We hope it reaches you in good order and that the unfortunate accident to the original order my not cause you too much inconvenience.

Sincerely yours,
R. S. Schwartz, President
THE RAYON MILLS

## 13

## מאַכענדיג באַקאַנט דאָס די דעהאַלטענע סחורה איז ניט ווי געהעריג

23 אַפּריל, 1960

געערטע פריינט:

איך מאַך אײַך דאָ באַקאַנט, דאָס איך האָב באַקומען דריי פּעקלאַך וואָל פון אײַך. ס׳טוט מיר לייד אײַך צו לאָזען וויסן, אַז איך קען ניט אָננעמען די סחורה און אַז איך שיק זי צוריק דורך עקספּרעס אויף אייערע הוצאות, ווייל די קוואַליטעט שטימט ניט מיט מיין באַשטעלונג נומער 5467 פון דעם 28־טען פּעברואר.

לויט אײַער חשבון נומער 7428, רעכענט איר מיר פאַר דער סחורה וואָס איך האָב באַשטעלט. אין אמת׳ן אָבער, איז די סחורה דורכאויס ניט ווי געהעריג. איך וואָלט בשום אופן ניט געוואָלט זי אָנבאָטן צו מיינע קונים.

נעמענדיג אין באַטראַכט אונזערע אויסגעצייכענטע געשעפטס־פאַרבינדונגען אין די לעצטע צען יאָר, בין איך זיכער אַז דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס אַ טעות, וועלכען איר וועט גלייך גוטמאַכען. אויב אָבער איר קענט מיר מעהר ניט שיקען די בעסטע קוואַליטעט, וועט איר אַזוי גוט זיין מיר לאָזען וויסען דערפון זאָפאָרט, כדי איך זאָל מאַכען מיינע באַשטעלונגען ביי אַן אַנדערער פירמע.

מיט אַכטונג,
אברהם גינזבערג

April 23, 1960

Jones Woolen Company
240 West 38th Street
New York, N.Y.

Gentlemen:

This is to acknowledge the receipt of three packages of woolen goods from you. I regret to advise you that I cannot accept this shipment, and I am returning it to you immediately via express collect, because the quality is not in accordance with my Order #5467 of Feb. 28.

According to your Invoice #7428, you are charging me for the merchandise I ordered, but the merchandise is actually of a very inferior quality. I would not consider offering it to my customers.

In view of our excellent business relations over the past ten years, I am sure that this shipment is due to a mistake that you will want to correct at once. However, if you can no longer supply me with the finest quality of merchandise, please advise me by return mail so that I may place my orders elsewhere.

Very truly yours,
Charles Ginsberg

## 14

## ענטפער אויפֿן פֿאַריגען בריוו

25 אַפּריל, 1960

טייערער מר. גינזבערג:

ס׳האָט מיך שטאַרק פֿאַרדראָסען צו הערען וועגען דעם טעות וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין אייער באַשטעלונג נומער 5467, דאַטירט 17 פֿעברואַר, איר זייט אינגאַנצען באַרעכטיגט די סחורה צוריק צו שיקען. די קוואַליטעט סחורה וועלכע איר באַקומט געוועגליך פֿון אונז ווערט איצט שנעל אַרויסגעשיקט צו אייך, דורך אייזענבאַן עקספּרעס. איר וועט אַזוי גוט זיין און אונז אַנטשולדיגען פֿאַר דעם טעות.

איר פאַרשטייט געווים דאָס מיר האָבען פאַרשידענע סאָרטען
וואַרע, כדי אויסצופילען דעם פאַרלאַנג פון סוחרים וועלכע דיענען
פאַרשידענע קונים. וואַרשיינליך, האָט אַן אַנדערער, וועלכער האָט
באַשטעלט ביליגערע וואַרע, באַקומען אייער באַשטעלונג. איצט אַז
מיר ווייסען שוין וועגען דעם טעות, וועלען מיר נעמען יעדע שריט
אויסצומיידען אַזאַ פעלער אין דער צוקונפט.

מיר זיינען אייך דאַנקבאַר דערפאַר וואָס איר האָט אונז געמאַכט
אויפמערקזאַם אויף דעם טעות. מיר פאַרזיכערען אייך, דאָס אין
דער צוקונפט וועלען מיר טאָן אַלץ מעגליכע צו זיין גענוי און
פינקטליך אין דער אויספיהרונג פון אייערע באַשטעלונגען.

אויפריכטיג אייערער

אהרן פיין

April 25, 1960

Mr. Charles Ginsberg
Ginsberg Brothers
240 West 38th Street
New York, N.Y.

Dear Mr. Ginsberg:

I was very sorry to learn of the mistake made in your Order #5467 dated Feb. 28, and you are quite justified in returning it. The quality of merchandise you are accustomed to receiving from us is being *rushed* to you today, via Railway Express. Please accept our apologies for this mistake.

As you probably realize, we carry various grades of merchandise to meet the demand of customers who cater to different clientele. It is evident that someone who ordered cheaper merchandise received your order. Now that we know of this mistake, we will take every precaution to see that such an error does not occur again.

We appreciate your calling this error to our attention and wish to assure you that in the future we will do all we can to be accurate and prompt in filling your orders.

Very sincerely yours,
Aaron Fine
FINE WOOLEN COMPANY

## 15

## קלאַגע וועגן אַ פאַרשפּעטיגטע באַשטעלונג

27 אויגוסט, 1960

געערטע פריינט:

איך האָב געלאָזט אַ באַשטעלונג מיט אייער פירמע פאַר איין גראָס ניילאָן זאָקען, אַסאָרטירט נאָך דער מאָס, אין די נייע הערבסט קאָלירען. די באַשטעלונג האָט געדאַרפט דערפילט ווערען דעם 1-טען אויגוסט. ביז איצט איז די סחורה נאָך ניט אָנגעקומען, און איך פאַרליר קונים צוליב דעם.

איך בעט אייך, לאָזט מיר וויסען צו די באַשטעלונג איז שוין אַרויסגעשיקט געוואָרען, און, אויב ניט, ווען איך קען די סחורה דערוואַרטען.

אויב איך הער ניט פון אייך דורך טעלעפאָן, טעלעגראַף אָדער פּאָסט, וועל איך זיין געצוואונגען צו טאָן מסחר מיט אַנדערע.

אויפריכטיג אייערער
יוסף בערגער
די בעסט האוזשערי קאָמפּאַני

August 27, 1960

Schwartz & Son
1546 Flatbush Avenue
Brooklyn, New York

Gentlemen:

I placed an order with your firm for one gross of nylon stockings, assorted sizes, in the new fall colors. This order was to have been delivered by the first of this month. So far, it has not come in. Consequently, I am losing customers every day.

Please let me know at once if the order has been shipped and, if not, when I may expect it.

If I do not hear from you by return mail or by telephone or telegraph, I may have to find a new supplier.

Very truly yours,
Joseph Berger
THE BEST HOSIERY COMPANY

## 16

### ענטפער אויפן פאַריגען בריוו

30 אויגוסט, 1960

חשוב'ע פריינט:

ס'טוט אונז לייד וואָס מיר האָבען זיך פאַרשפּעטיגט אין ערלעדיגען אייער באַשטעלונג פאַר איין גראָס ניילאָן זאָקען. צום באַדויערן, האָבען מיר אַליין ניט געהאַט אין לאַגער זאָקען פון קליינע מאָסען וואָס איר האָט באַשטעלט. מיר האָבען געוואַרט אויף וואַרע פון דער פאַבריק, אום אויסצופילען אייער באַשטעלונג. די וואַרע וואָס מיר האָבען פאַרלאַנגט איז אָנגעקומען מיט צוויי טעג צוריק. דעמזעלבען טאָג איז אייער באַשטעלונג אַרויסגעשיקט געוואָרען, און זי וועט אייך זיכער אָנקומען גלייכצייטיג מיט דיזען בריוו.

מיר באַדויערען זעהר וואָס מיר האָבען אייך פאַרשאַפט אונ-אַנגענעמליכקייטען. מיר האָפן, אַז דאָס וועט קיינמאָל מעהר ניט פאָרקומען און אַז מיר וועלען ווייטער האָבען דעם פאַרגעניגען צו זיין אין געשעפטספאַרבינדונגען מיט אייך.

אויפריכטיג אייערער

שלמה שוואַרץ

August 30, 1960

The Best Hosiery Company
589 Barrow Street
New York, N.Y.

Gentlemen:

We regret the delay in the shipment of your order for one gross of nylon stockings. Unfortunately, we ourselves were short on the small sizes you ordered and were awaiting delivery from the factory in order to complete your order.

Delivery was made the day before yesterday and your order was shipped that very day, so it should be in your hands by the time you receive this letter.

We are very sorry you have been inconvenienced by the delay. We hope that this will never happen again and that we may continue to have the pleasure of doing business with you.

Very sincerely yours,
Sol Schwartz
SCHWARTZ & SON

## 17

### זיך אנטזאָגענדיק אָנצונעמען וואַרע

18 מערץ, 1960

חשוב'ער פריינט:

איך האָב דערהאַלטען די סחורה פאַר וועלכער איך האָב אייער חשבון נומער 23057, דאַטירט דעם 3-טען מערץ. ס'טוט מיר לייד אייך צו לאָזען וויסען, אַז די וואַרע איז אָנגעקומען אין אַזאַ שלעכטען צושטאַנד דאָס איך קען זי ניט פאַרקויפען אויב איך וויל אָנהאַלטען מיינע קונדען.

איך שיק צוריק די סחורה דורך עקספּרעס אויף אייערע הוצאות. אַחוץ דעם מוז איך פאַרלאַנגען, אַז איר זאָלט מיר גוטמאַכען די סומע פון $27.75 די פראַכט אויסגאַבען. די סחורה ווערט צוריקגעשיקט אין די אָריגינעלע קאַסטענס, איבערגעפאַקט פון אונז אויף אַזאַ אופן אַז די סחורה זאָל מער ניט באַשעדיגט ווערען אויפן וועג.

מיט אַכטונג,

ישראל גאָלדען

March 18, 1960

Mr. B. L. Goodman
Goodman Sons, Inc.
Milwaukee, Wisconsin

Dear Sir:

I am in receipt of merchandise for which I have your invoice No. 23057, dated March 3. I regret to inform you that the merchandise arrived in such poor condition that I am unable to place it on sale, if I want to retain my custormers.

I am returning the merchandise to you express collect and furthermore I must ask that you reimburse me to the extent of $27.75 freight charges.

The merchandise is being returned in its original cartons, repacked by us so that there may be no further damage to the goods.

Yours truly,
Israel Golden

18

## וועגען אַ טעות אין חשבון

19 אפּריל, 1960

געערטע פריינט:

איך שיק צוריק אייער רעכנונג נומער 877—56 פון 3־טען יאַנואַר. איר וועט באַלד דערזעהן, אַז דער חשבון איז ניט גענוי צו־זאַמענגערעכנט.

איך האָב דעם חשבון דורכשטודירט איייניגע מאָל און אויס־געפונען דאָס דער סך־הכל איז $22.44 און ניט $27.44. די סומע $22.44 שטימט אויך מיט די פרייזען אויף מיין אָריגינעלער באַשטעלונג.

איר וועט אַזוי גוט זיין און אונז שיקען אַ קאָרעגירטען חשבון.

אויפריכטיג,

א. ב. קעסלער

April 19, 1960

R. K. Myers, Inc.
64 Allen Boulevard
Los Angeles, California
Gentlemen:

I am returning your invoice #56-877 of January 3, which you will note is incorrectly totalled.

I checked it several times and found a total amount of $22.44, not $27.44. The $22.44 also checks with the prices on my original order.

Please be good enough to send us a corrected invoice.

Sincerely
A. B. Kessler

## 19

## ענטפער אויף בריוו נומער 18

17 אפריל, 1960

ליבער מר. קעסלער:

מיר בעטען אייך דאָס איר זאָלט אונז אַנטשולדיגען פאַר דעם טעות אין אונזער ערשטען חשבון. מיר שיקען דאָ אייך אַ קאָרעגירטען חשבון, מיט אַ סך־הכל פון $22.44.

מיר וועלען טאָן אַלץ מעגליכע אויסצומיידען אַזעלכע טעות'ן אין דער צוקונפט.

אויפריכטיג אייערער
ר. ק. שרייבער

April 17, 1960

Mr. A. B. Kessler
869 Fifth Street
Van Nuys, California
Dear Mr. Kessler

Please accept our apology for the error on our original invoice. We are enclosing herewith a corrected invoice in the amount of $22.44.

We shall make every effort to avoid further errors in the future.

Very sincerely yours,
R. K. SCHREIBER, INC.

## 20

## אַ סוף-יאָר רעכענונג

1960 ,17 אפּריל

ליבער מר. סטיין:

לויט אייער פֿאַרלאַנג פֿון דעם 24-טען, שיק איך אײַך דאָ אַ רעכנונג, דעקענדיג אונזערע טראַנזאַקציעס אין משך פֿון דעם יאָר.

ביי דיזער געלעגענהייט וויל איך אײַך זאָגען, דאָס איך בין שטאַרק דאַנקבאַר פֿאַר די פֿריינטשאַפֿט וואָס איר האָט מיר געוויזען אינ׳ם לויף פֿון דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר. איך האָף, אַז איך וועל ווייטער האָבען אייער פֿולען צוטרוי במשך דעם קומענדען יאָר.

זייט זיכער, אַז איך וועל טאָן וואָס נאָר איך קען צו באַזאָרגען מיט שנעלקייט אײַערע באַשטעלונגען און אייך צו געבען מיין פֿולשטענדיגע מיטווירקונג.

אויפריכטיג אייערער,

שלמה גאָלדבערג

April 17, 1960

Mr. R. H. Stein
Stein and Morton, Inc.
309 Canal Street
Brooklyn, New York

Dear Mr. Stein

I enclose a statement covering our transactions with you as per your request of March the 24th.

May I say at this time that I am very grateful for the kindness you showed me in the course of this past year. I do hope that I may continue to merit your good will during the coming year.

Be assured that I shall do everything in my power to take care of your orders promptly and to give you my fullest cooperation.

Sincerely yours,
Solomon Goldberg

## 21

### ענטפער אויף בריוו נומער 20

26 אפריל, 1960

ליבער מר. גאָלדבערג:

אָט האָבען מיר ערשט באַקומען און דורכשטודירט דעם חשבון וואָס איר האָט אונז געשיקט. מיר ווילען אײַך אויפמערקזאָם מאַכען אויף אַ טעות אין דעם סך־הכל פון אײַער חשבון. לויט אונזערע ביכער דאַרף דער באַלאַנס זיין ‎$324‎ אַנשטאָט ‎$245‎.

זייט אַזוי גוט און קוקט נאָך אין אייערע ביכער, און שיקט אונז אַ קאָרעגירטען חשבון.

בכבוד רב,
י. ה. סטיין
סטיין ענד מארטאן, אינק.

April 26, 1960

Mr. Solomon Goldberg
Goldberg Brothers
7 East 57 Street
New York, N. Y.

Dear Mr. Goldberg:

We have just received and examined the accounting you sent us, and find we must call to your attention an error in the balance. According to our records the balance should be $324 instead of $245.

Please check your records again, and send us a correct statement.

Very truly yours,
R. H. Stein
STEIN AND MORTON. INC.

## 22

## פאַרשלאַג צו עפענען נייעם קרעדיט

25 אפריל, 1960

חשוב'ע פריינט:

מר. ראדזשער דייווים, וועלכער איז אייערם אַ קליענט שוין איינינע יאָר, האָט לעצטענס מיט מיר גערעדט וועגן אייער פירמע. ער האַלט זעהר שטאַרק פון אייך, און היות איך רעספּעקטיר זעהר פיל זיינע מיינונגען, וואָלט איך וועלען עפענען געשעפטס-פאַר-בינדונגען מיט אייך.

איך בעט אייך מיר צו שיקען אייערע פרייזליסטען און יעדע אינפאָרמאַציע, וועלכע איך דאַרף האָבען. פיליכט וועט עס זיין אַ גוטער פלאַן פאַר מיר, ווי מר. ראדזשערס פאַרזיכערט מיך, איבער-צוטראָגען צו אייער פירמע אַלע מיינע געשעפטס-אַנגעלעגענהייטען. איך וועל אייך דאַנקען פאַר אייער באַלדיגען ענטפער.

אויפריכטיג אייערער,

יוסף כהן

April 25, 1960

Gentlemen:

Mr. Roger Davis, who has been one of your customers for a number of years, recently spoke to me about your firm. He thinks very highly of you, and since I have a high regard for his opinions, I should like to open an account with you.

Kindly send me your price lists, discounts and other information you think I should have. Perhaps it will be to my advantage, as Mr. Davis assures me it will, to transfer all my business to your firm.

I shall appreciate receiving an early reply.

Sincerely yours,
Joseph Cohen

## 23

### בריוו גאַראַנטירענדיג קרעדיט

17 אפריל, 1960

חשוב׳ע פריינט:

האָבענדיג צוטרוי צו מר. נ. בראון פון שיקאַגאָ, 2029 גאָוו סטריט, גאַראַנטיר איך דאָ זיין קרעדיט מיט אַייך ביז $500. אויב מר. בראון וועט ניט זיין פּינקטליך מיט זיינע צאָהלונגען, בעט איך אַייך מיר צו לאָזען וויסען, און איך וועל גלייך אַלעס גוטמאַכען.

אויפריכטיג אייערער,

יוסף גינזבערג

April 17, 1960

Henry Samuels & Co.
767 Smith Street
Boston, Massachusetts

Gentlemen:

I wish to express my confidence in Mr. N. Brown of 2029 Gove Street, Chicago, Illinois, by guaranteeing his credit with you up to, but not exceeding $500.

In the unlikely event that Mr. Brown should fail to meet his obligation, please notify me and I shall take care of the matter at once.

Sincerely yours,
Joseph Ginsberg

## 24

## וועגן באַצאָלען אַ חוב

30 אפּריל, 1960

ליבער אהרן:

ניט לאַנג צוריק, ווען דו האָסט געמוזט האָבן אַ שנעלע הלוואה, בין איך געווען צופרידען דיר צו העלפען מיט אַ הלוואה פון 50 דאָלאַר.

היות איך האָב ערשט געהאַט אומדערוואַרטעטע אויסגאַבען, וואָלט איך וועלען איינמאָנען וואָס מ'איז מיר שולדיג אַנשטאָט צו לייען ביי אַנדערע.

דו האָסט אַוודאי צופעליג פאַרגעסען די לעצטע עטליכע מאָנאַטען וועגען די 50 דאָלאַר וואָס דו ביזט מיר שולדיג. איך וועל דיר העכסט דאַנקבאַר זיין ווען דו באַצאָלסט מיר צוריק איצט.

ווינשענדיג דיר אַלדאָס גוטס,

אויפריכטיג דיינער,

דוד

April 30, 1960

Dear Aaron:

Some time ago when you were in need of an immediate loan, I was happy to come to your aid with $50 in exchange for your I.O.U.

Since I have just had unforeseen expenses, I should like to collect what is due me, rather than borrow to meet payment of my bills.

I am sure that this debt just escaped your mind during these past months, but I would deeply appreciate your payment now.

With my very best wishes, I remain

Sincerely yours,
David

## 25

### ענטפּער אויפֿן פֿאָריגען בריוו

2 מאי, 1960

ליבער דוד,

איך בין גליקליך צו האָבען די מעגליכקייט דיר דאָ צו שיקען מיין טשעק אויף 50 דאָלאַר, דעקענדיג מיין חוב.

איך האָב דעם חוב ניט פֿאַרגעסען, נאָר איך האָב געהאַט אַ רייע אַנטוישונגען, וועלכע האָבען מיך געשטעלט אין אַ פינאַנציעל־שווערער לאַגע. אָבער איצט פֿאַנגט זיך אַלעם אָן צו פֿאַרבעסערען. איך וועל דיר תמיד דאַנקבאַר זיין פֿאַר דיין הילף, וועלכע איז געקומען אין אַ צייט פון גרויס נויטווענדיגקייט.

איך ווינש דיר אַ סך גליק.

אויפריכטיג דיינער,

אהרן

May 2, 1960

Dear David:

I am very happy to be able to enclose my check in the amount of $50 in payment of the I.O.U. you are holding.

I did not forget it. On the contrary, I have had a series of disappointments that placed me in a difficult situation. Fortunately, things are getting better.

I shall always be grateful for your help at a time when I needed it very, very much.

Best of luck to you.

Yours sincerely,
Aaron

26

## באַצאָלונג פאַרלאַנגט

3 מאַי, 1960

חשוב׳ער פריינט:

מיר ווילען אייך אויפמערקזאַם מאַכען, דאָס לויט אונזערע קרעדיט־באַדינגונגען, דאַרף די צאָלונג זיין אין דרייסיג טעג, און ניט שפּעטער. דערפאַר זיינען מיר אַנטוישט צו זעהן אַז אייער באַלאַנס פון 250 דאָלאַר איז מיט דריי חדשים הינטערשטעליג.

מיר בעטען אייך, שיקט אונז דורך פּאָסט די גאַנצע סומע.

בכבוד,

יהודה כהן

May 3, 1960

Dear Sir:

We wish to bring to your attention the terms of our credit arrangement with you: 30 days net. In view of this we are surprised to find that your balance of $250 is in arrears three months.

Please let us have payment in full by return mail.

Very truly yours,
Henry Goldstein

27

## ענטפער אויפן פאַריגען בריוו

7 מאַי 1960

געערטער מר. גאָלדשטיין:

ס׳טוט מיר לייד וואָס איך האָב פאַרנאַכלעסיגט מיינע קרעדיט־פליכטען מיט אייך. צום באַדויערן, זיינען צוויי פון מיינע קונדען געגאַנגען באַנקראָט און האָבען מיר פיל שאָדען געטאָן. איך בין שטאַרק מסופק אויב איך וועל קענען אַרויסקריגען 50 סענט פאַר׳ן דאָלאַר.

איך שיק אייך דאָ מיין טשעק אויף 250 דאָלאַר און איך האָף אַז איר וועט פאַרשטיין פאַרוואָס מיינע צאָלונגען האָבען זיך פאַר־שפּעטיגט דאָס מאָל.

בכבוד רב,

יהודה כהן

May 7, 1960

Mr. Henry Goldstein
756 Utica Avenue
Brooklyn, N.Y.

Dear Sir:

I am sorry to have been remiss in carrying out the terms of my credit arrangements with you. Unfortunately, two of my customers have gone into bankruptcy and have set me back considerably. I doubt very much if I shall be able to collect fifty cents on the dollar.

I am enclosing my check in the amount of $250 and I do hope you will understand why I have been slow in liquidating my current obligations.

Very truly yours,
Judah Cohen

## 28

### צאָלונג פאַרלאַנגט

20 אפּריל, 1960

חשוב׳ע פריינט:

לויט מיין חשבון, זייט איר מיר שוין אַ לאַנגע צייט שולדיג אַ קליינעם באַלאַנס פון ‎$62.50.

איך האָב מיינע אייגענע חובות, וועלכע איך מוז איצט דעקען. איך וועל אייך אַלזאָ דאַנקבאַר זיין ווען איר וועט מיר גלייך אָב־שיקען דעם חוב.

בידידות,

שמעון ווייל

April 20, 1960

Brodsky & Company
42 Canal Street
New York, N. Y.

Gentlemen:

Attention: Accounting Dept.

My books show that you owe us a small balance of $62.50, which is long past due. Since I have obligations of my own to meet at this time, I shall appreciate immediate payment.

Sincerely,
Simon Weil

29

## ענטפער אויפן פאָריגען בריוו

24 אפריל, 1960

חשוב'ע פריינט:

איך שיק אייך דאָ אַ דראַפט, אויף ד. סעמועלסאָן פון אייער שטאָט, פאַר $62.50. אַט דער טשעק וועט דעקען דעם באַלאַנס וואָס איך בין אייך שולדיג.

איך בין גליקליך עס צו טהון. כ'בעט אייך אָבער, דאָס אין דער צוקונפט זאָלט איר מיר לאָזען וויסען מיט אַ צעהן טעג פריהער, איבערהויפט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ גרעסערע סומע.

בכבוד רב,
חיים לעווי

April 24, 1960

Brown Brothers
259 Lexington Avenue
New York, N.Y.

I enclose a draft on D. Samuelson of your city for $62.50 in full payment of the balance due you.

I am glad that I can help you at this time, but, in the future please give me ten days notice, especially if the amount is for a large sum.

Very truly yours,
Hyman Levy

## 30

### וועגן אײַנקאַסירען אַ וועקסעל

געערטער פריינט:

איך שיק אײַך דאָ אַ וועקסעל פאַר $300 אויפ׳ן נאָמען פון מר. סעמיועל דייוויס פון אײַער שטאָט, און איך וויל אײַך בעטען צו אײַנקאַסירען דעם וועקסעל און אויפשטעלען די סומע אויף מיין קאָנטאָ.

בכבוד רב,
משה ריווקין

Dear Sir:

I enclose with this letter a note for $300 drawn on Mr. Samuel Davis of your city and I am taking the liberty of requesting you to collect the draft and deposit the proceeds to my credit.

Very truly yours,
Moses Rivkin

## 31

### ענטפער

חשוב׳ער פריינט:

דער וועקסעל פאַר $300 אויפ׳ן נאָמען פון מר. סעמיועל דייוויס, וועלכען איר האָט געשיקט דעם 10-טען דיזען חודש, איז שוין

באַצאָלט געוואָרען. מיר האָבען די סומע געשטעלט אַלס קרעדיט אויף אייער קאָנטאָ.

בכבוד רב,

יהודה קראפט

Dear Sir:

The note for the amount of $300 drawn on Mr. Samuel Davis, which you sent the 10th of this month, has been collected and credited to your account.

Very truly yours,
Judah Kraft

32

## קרעדיט פאַרלענגערונג

געערטער פריינט:

צום באַדויערן, קען איך איצט ניט באַצאָלען דעם חוב וואָס איך בין אייך שולדיג. איך בעט אייך אַלזאָ מיר צו פאַרלענגערען ביז'ן סוף חודש, ווען איך וועל אייך דעם גאַנצען סכום באַצאָהלען מיט אַמאָל.

איך באַדויער אויף אַן אמת, דאָס איך בין געצוואונגען פון אומשטענדען צו זיין אַזוי לאַנגזאַם מיט מיינע צאָלונגען. איך וועל האָפענטליך זיין מער פינקטליך אין דער צוקונפט.

בכבוד רב,

חיים סילווערמאַן

Dear Sir:

I regret that I am unable to settle my account with you at this time. If you will be good enough to grant me an extension, until the end of next month, I shall be able to make payment in full at that time.

I sincerely regret that circumstances force me to be so slow in making payment and I hope that shall be able to be more prompt in the future.

Very truly yours,
Hyman Silverman

## 33

## אַ בקשה צו אַ קרעדיטאָר

חשוב'ער פריינט:

איך שרייב אײַך די דאָזיגע שורות צוליב דעם וואָס איר קענט מיך שוין אַ לענגערע צייט. איך האָף אַז איר וועט צוגעבן דאָס איך האַנדעל ערליך און אויפריכטיג אין אַלע מיינע אַנגעלעגנהייטען.

איצט אָבער געפין איך זיך אין אַ זעהר גרויסער פאַרלעגענהייט אַלס רעזולטאַט פון געשעפטס-פאַרלוסטען און פאַמיליע שוועריקייטען, און כ'בין געצוואונגען זיך צו ווענדען צו אײַך מיט אַ בקשה אַז איר זאָלט מיר פאַרלענגערען דעם קרעדיט אויף זעקס מאָנאַטען. איך בין אַנטשלאָסען צו באַצאַלען אַלע מיינע חובות אין משך פון אַ האַלב יאָר.

גלייכצייטיג וויל איך אײַך בעטען מיר צו טהון נאָך אַ טובה, נעמליך, צו פאַרזיכערען די אַנדערע קרעדיטאָרען מיינע, אַז זיי וועלען באַקומען יעדען סענט וואָס איך בין זיי שולדיג אויב נאָר זיי וועלען מיך צורוה לאָזען אויף זעקס חדשים.

דאַנקענדיג אײַך פאַר אײַער הילף,

בברכת כל טוב

יוסף אבראַמסאָן

Dear Sir:

I am writing to you because you have known me for a long time and I think you will agree that I have been honest and conscientious in all my business dealings.

However, I now find myself in a very embarrassing position because of business losses and family difficulties. I am compelled to ask you to extend me credit for another six months by which time I should be able to pay you and satisfy my other creditors also.

Since I feel you know that I am determined to meet all my obligations, I am going to ask you to do me an additional favor. Please assure my other creditors that, if they will give me the six months I need, they wil receive every cent of the money I owe them.

Thank you for your help and believe me I am

Most gratefully yours,
Joseph Abramson

## 34

## גינסטיגער ענטפער אויף בריוו 33

גערטער פריינט:

אייער בריוו פון דעם 14-טען האָט מיר פאַרשאַפט פיל עגמת נפש, און איך וויל טאָן וואָס נאָר איך קען אייך צו העלפען אין אייער איצטיגער שווערער לאַגע.

איך בין צופרידען אייער קרעדיט צו פאַרלענגערען אויף נאָך זעקס מאָנאַטען. אַחוץ דעם האָב איך פאַרזיכערט אַייערע איבריגע קרעדיטאָרען, אַז איר זייט אַ מאַן אויף וועמענס וואָרט מ׳קען זיך גוט פאַרלאָזען. אויך זיי האָבען צוגעשטימט אַייך צו געבען אַ פאַר־לענגערונג אויף נאָך זעקס חדשים.

בברכת כל טוב,

שלמה גאָלד

Dear Sir:

Your letter of the fourteenth has caused me real concern and I do want to do everything I can to help you in your unfortunate situation.

I am willing to extend your credit for another six months. Moreover, I have assured your other creditors that you are a man upon whose word they can reply and they, too, have agreed to give you a six months' extension.

With every good wish, I am

Sincerely yours,
Solomon Gold

## 35

### אומגינסטיגער ענטפער אויף בריוו 33

חשוב׳ער פריינט :

עס טוט מיר לייד אייך צו מעלדען, אַז איך קען ניט נאָכקומען אייער פֿאַרלאַנג. אייערע קרעדיטאָרן האָבען נעכטען ביינאַכט באַשלאָסען אייך צו געבען איין מאָנאַט צייט זיי צו באַצאָלען אייערע חובות. אויב זייערע פֿאָדערונגען וועלען אין פֿאַרלויף פֿון דער צייט ניט באַפֿרידיגט ווערען, וועלען זיי געצוואונגען זיין זיך צו ווענדען צום געריכט.

בכבוד רב,

יצחק פינגער

Dear sir:

I am very sorry to inform you that I was unable to comply with your request. Your creditors met last night and decided to give you one month's time in which to pay your debts. If their claims are not satisfied in that time, they will be forced to take legal action.

Yours truly,
Isaac Finger

## 36

### אַ הלוואה געבעטען פֿון אַ באַקאַנטען

ליבער יצחק,

עס ווילט זיך מיר וויסען אויב דו קענסט מיר טאָן אַ גרויסע טובה. אויב יאָ, וועל איך דיר זעהר דאַנקבאַר זיין אויף אַן אמת. אפשר קענסטו מיר אויסבאָרגען 300 דאָלאַר אויף 4 וואָכען צייט?

אויב דו ווילסט, קען איך דיר געבען אַ וועקסעל. איך פיל זיכער אַז איך וועל דיר קענען צוריקצאָלען אין אַ חודש אַרום.

דאַנקענדיג דיר פאַר דיין הילף,

שלך בידידות,
מרדכי

Dear Isaac:

I wonder if you can do me a great favor. If you can, I shall appreciate it very much indeed. Could you lend me three hundred dollars for about four weeks? If you wish, I can give you a note, but I do expect to be able to pay you back within a month. Many thanks for your help.

Sincerely yours,
Mordecai

## 37

### ענטפער אויף בריוו 36 מיט אַ הלוואה

ליבער מרדכי,

איך שיק דיר דאָ מיין טשעק פאַר 300 דאָלאַר. איך בין גליקליך דיר אַרויסצוהעלפען, און כ'דאַרף ניט דיין וועקסעל. דיין וואָרט איז גוט גענוג פאַר מיר.

דיין פריינט
יצחק

Dear Mordecai:

I enclose my check for three hundred dollars. I am happy to be of assistance to you. I don't need a note. Your word is good enough for me.

Yours,
Isaac

## 38

## ענטפער אויף בריוו 36, אָפּזאָגענדיק אַ הלוואה

ליבער מרדכי,

איך וואָלט דיר וועלען אַרויס העלפען, נאָר איך האָב איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסען ניט צו לייען און ניט צו באָרגען קיין געלט.

איך האָף, אַז דו וועסט עס פאַרשטעהן און מיר אַנטשולדיגען. איך האָב אויסגעפונען, אַז בדרך כלל איז דאָס דער בעסטער וועג.

שלך בידידות,

יצחק

Dear Mordecai:

I'd like to help you out but I have made it a rule neither to lend nor to borrow money. I hope you will understand and forgive me when I say that I have found this policy is the best in the long run.

Sincerely,

Isaac

## 39

## נאָכפראַגע וועגען געבען קרעדיט

חשוב'ער מר. סעמיועלס:

איך האָב באַקומען אַ באַשטעלונג אויף 500 דאָלאַר פון איינעם טשאַרלס גאָלדבערג אין אייער שטאָט. ער וויל באַצאָלען אַ האַלבע סומע ווען ער וועט דערהאַלטען די סחורה, און דאָס איבריגע אין דריי חדשים אַרום.

אַזוי ווי איך קען ניט דעם מאַן, פּיליכט וועט איר אַזוי גוט זיין און מיר זאָגען אייער מיינונג אויב מ'קען אים געטרויען. וואָס

נאָר איר וועט מיר זאָגן וועגן אים וועל איך האַלטן בסוד. איך וועל ניט ענטפערן דעם מאַן ביז איך וועל הערן פון אייך.

איר מעגט זיך תמיד ווענדן צו מיר בנוגע וואָס נאָר איך קען אייך אַרויסהעלפן.

בכבוד רב,
משה גינזבערג

Dear Mr. Samuels:

I received an order in the amount of $1500 from a Mr. Charles Goldberg of your city. He suggests paying me half the sum due, upon receipt of the merchandise and the balance within three months.

Since I do not know the gentleman, I am taking the liberty of asking your opinion of his credit. Anything you can tell me about him will be held in strict confidence and I shall delay answering him until I hear from you.

Please do not hesitate to call on me any time I can be of service to you.

Sincerely yours,
Moses Ginsberg

## 40

## ענטפער אויפן פאַריגען בריוו

ליבער מר. גינזבערג:

ענטפערנדיג אויף אייער בריוו וועגן מר. גאָלדבערג, בין איך צופרידען אייך צו זאָגן אַז זיין קרעדיט איז אויסגעצייכענט. ער איז אַ גוטער געשעפטסמאַן, מיט אַ געשעפט וואָס האַלט אין וואַקסען, און ער ווערט רעספעקטירט פון דער גאַנצער שטאָט. איך קען אייך פאַרזיכערען, אַז ער איז אַן ערליכער מאַן און אַז ער באַצאָלט זיינע חובות פינקטליך.

מיין עצה איז, אַז איר זאָלט זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דער צענטראַל באַנק פון אונזער שטאָט אויב איר דאַרפט האָבען מער פאַרזיכערונג בנוגע זיין פינאַנציעלען מצב.

בידידות,
חיים סעמיועלס

Dear Mr. Ginsberg:

I have your letter with regard to Mr. Charles Goldberg and I am happy to tell you that his credit is excellent. He is a good merchant with a growing business and he enjoys the respect of the entire community. I assure you he is a man of integrity and that he pays his bills promptly.

I suggest that you get in touch with the Central Bank of this city if you need further assurance of his financial standing.

Sincerely yours,
Hyman Samuels

41

## צירקולאַר אַנאָנסירענדיג די גרינדונג פון אַ געשעפט

חשוב'ע פריינט:

מיר זיינען גליקליך צו אַנאָנסירען די דערעפענונג פון אונזער נייער פירמע

The Smith Wholesale Dry Goods Company

„די סמיטה האָלסייל דריי גודס קאָמפּאַני" האָט אַ גרויסען אויס־וואַל פון סחורה פון פאַרשידענע קוואַליטעטען און פרייזען. אונזערע פרייזליסטען און קאַטאַלאָגען זיינען דאָ ביינעלעגט.

מיר האָפען אַז מיר וועלען האָבען דעם פאַרגעניגען אייך צו באַדינען אין דער נאָענטער צוקונפט. מיר זיינען זיכער אַז איר וועט זיין העכסט צופרידען מיט דער פינקטליכקייט מיט וועלכער אייערע

באַשטעלונגען וועלען דערלעדיגט ווערען. קיין באַשטעלונג איז ביי אונז ניט צו גרויס אדער צו קליין.

יעדער באַשטעלונג וועט באַקומען אונזער פערזענליכע אויפ־מערקזאַמקייט. די סחורה וועט אַרויסגעשיקט ווערען דעמזעלבען טאָג וואָס מיר וועלען דערהאַלטען די באַשטעלונג.

פאַר דער באַקוועמליכקייט פון געשעפטסלייט פון אונזער שטאָט און אומגעבונג האָבען מיר ספעציעלע טעלעפאָן־פאַרבינדונגען אין אונזער באַשטעלונגס־אָפּטיילונג. פאַרצייכענט אייך די פאָלגענדע נומערען פאַר טעלעפאָן־באַשטעלונגען:

EX — 32100
32101
32102

וועגען אנדערע אינפאָרמאַציע קענט איר זיך צו אונז ווענדען אויף אונזער אייגענטליכען טעלעפאָן נומער, וועלכער איז אויבען אָנגעצייכענט.

פאַר קרעדיט, וועט איר זיך ווענדען צו:

M. Johnston, Brown & Company, National Trust, Union and Central Bank.

מיר האָפען פון אייך צו הערען אין דער נאָענטער צוקונפט.

בכבוד רב,

The Smith Wholesale Dry Goods Company

Gentlemen:

We take pleasure in announcing the opening of our new firm, THE SMITH WHOLESALE DRY GOODS COMPANY.

THE SMITH WHOLESALE DRY GOODS COMPANY carries a wide assortment of merchandise in a variety of grades and prices. Our price lists and catalogue are enclosed.

We hope that we may have the pleasure of serving you in the near future. We know you will be pleased with the promptness with which your orders are handled and delivered. No

order is too large. No order is too small. Everyone receives our individual attention. Shipment will be made on the day the order is received.

For the convenience of merchants in the metropolitan area we have special telephone lines in our order department. Please make a note of these:

Ex-32100<br>
32101 For Telephone Orders only<br>
32102

For other information, please call our regular number, as shown on our letterhead.

For credit references, please refer to M. Johnston, Brown and Company, the National Trust, and the Union and Central Bank.

We look forward to hearing from you in the near future.

Very truly yours,<br>
THE SMITH WHOLESALE DRY<br>
GOODS COMPANY

## 42

### נאָך אַ צירקולאַר וועגן אַ נייע פירמע

חשוב'ע פריינט:

מיר אַנאָנסירען מיט פאַרגעניגען דאָס מיר האָבען ערשט געעפענט אַ נייע פירמע, גאָלדבערגער ענד קאָמפּאַני, אַ געשעפט פון האָלסייל דריי גודס, מיט אַ גרויסען אויסוואַל פון פאַרשידענע סאָרטען סחורה.

צוליב אונזערע געשעפטס-פאַרבינדונגען אין ניו-יאָרק קענען מיר אָנבאָטען אַ זעהר גוטען אויסוואַל פון סחורה וועלכע קען שנעל פאַרקויפט ווערען. אַחוץ דעם קענען מיר אָנבאָטען די וואַרע אויף די נידריגסטע פרייזען, ביליגער ווי ערגעץ אַנדערשוואו. קומט אַריין און

עקזאַמינירט אונזערע אַרטיקלען. מיר זיינען איבערצייגט דאָס איר וועט זיין צופרידען מיט די פילע אַרטיקלען, וועלכע וועלען געווים באַלד פאַרקויפט ווערען.

אונזערע פרייזליסטען זיינען דאָ בייגעלעגט. אַ פאַרטרעטער אונזערע וועט אייך באַזוכען אין דער נאָענטער צוקונפט.

בכבוד רב,

Gentlemen:

We are happy to announce the opening of our new firm, GOLDBERGER AND COMPANY, a wholesale dry goods firm with a wide variety of up-to-date merchandise.

Our New York connections make it possible for us to offer a very good selection of goods with real selling possibilities.

Moreover, we are able to offer this merchandise at the lowest prices available anywhere. Come in and look over our line. We know you will be pleased with the many items which undoubtedly will have a quick turnover.

Our catalogues are enclosed and one of our salesmen will be calling on you in the very near future.

Very truly yours,

## 43

## ענדערונג פון געשעפטס אייגענטימער

געערטע פריינט :

מיין שותף און פריינט, מר. שמואל לעווין, ציט זיך צוריק פון געשעפט, און איך האָב איבערגענומען די פירמע.

דאָס געשעפט וועט אָנגעהן ווי פריהער אָהן קיינע ענדערונגען אין פראָצעדור און פערסאָנאַל.

מיר האָפען אָנצוהאַלטען מיט אייך די אַנגענעמע געשעפטס-באַציהונגען וועלכע איר האָט געהאַט אַזא לאַנגע צייט מיט מר. לעווין, און אַז מיר וועלען פאָרזעצען אייך צו באַדינען פילע יאָרען.

בכבוד רב,

ס. מאָרים

Gentlemen:

My friend and business associate, Mr. Samuel Levin, is retiring from business and I have taken over the firm.

The business of the firm will be conducted as it has been in the past and no changes in procedure or personnel are contemplated.

We hope we may have the pleasure of continuing the pleasant business relations so long established with Mr. Levin and that we may continue to serve you for many long years.

Sincerely yours,
S. Morris

## 44

## ענטפער אויפן פֿאַריגען בריוו

ליבער מר. מאָרים:

מזל טוב! מײַן בעסטען וואונש אײַך! איך האָף אַז די פירמע אײַערע וועט האַלטען אין אײן וואַקסען אונטער אײַער פירערשאַפט.

מיר וועלען מיט פֿאַרגעניגען פֿאָרזעצען אונזערע געשעפטס־פֿאַרבינדונגען מיט אײַך. אַט האָט אונזער באַשטעלונגס־אָפּטײלונג גראָד הײנט אינדערפרי טעלעפאָנירט אַ נײַע באַשטעלונג.

מײַנע בעסטע וואונשען אײַך, איר זאָלט האָבען ברכה און הצלחה.

בברכת כל טוב,

Dear Mr. Morris:

Congratulations! I hope the firm of Josephson and Brothers continues to flourish under your management.

We shall be happy to continue doing business with you. In fact, our Order Department gave us a telephone order this very morning.

With all good wishes for your continued success, I am

Very sincerely yours,

# 45

## פון איינעם וועלכער גיט איבער דאָס געשעפט צו זיין זון

געערטער מר. דזשאָזעף:

נאָך פערציג יאָר אַרבעט, האָב איך ענדליך באַשלאָסען זיך צוריקצוציהען פון מיין געשעפט. עס קומט אַ צייט ווען דער מענש וויל זיך אָפּרוהען און האָבען אַ ביסל פאַרגעניגען. אין דערזעלבער צייט, גיט דאָס די אינגערע אַ געלעגענהייט צו זעהן וואָס זיי קענען אויפטאָן.

מיין זון האַררי, וועלכער איז אייך באַקאַנט, האָט די לעצטע צען יאָר פאַרבראַכט מיט מיר אין געשעפט, און אין משך פון די לעצטע פינף יאָר איז ער ממש געווען מיין רעכטע האַנט. אַט ער נעמט עס איצט איבער מיין געשעפט.

איך האָף, אַז איר וועט אים געבען דיזעלבע גוטע געלעגענהייטען וואָס איר פלעגט מיר געבען אין די פילע יאָרען פון אונזערע געשעפטס-באַציהונגען. ער קען אייער אַקאַונט און איז גרייט אייך צו באַדינען אופ'ן בעסטען אופן.

בכבוד רב,

Dear Mr. Joseph:

After devoting fully forty years to my business, I finally decided to retire. There comes a time when a man feels he should rest and have some enjoyment. This also gives the young people a chance to see what they can do.

My son, Harry, whom you already know, has spent the past ten years learning the business, and during the last five years he has been my able assistant. He will now take over the business.

I hope you wil grant him the same consideration you gave me during the many years we did business together. He knows your account and stands ready to serve you in every way.

Very sincerely yours,

## 46

### נאָכפראַגע וועגן איינעמ׳ס כאַראַקטער

חשוב׳ער פריינט:

איך האָב לעצטענס געהאַט אַ געשפּרעך מיט יוסף מאירס וועגן אַ בוכהאַלטער־שטעלע, און ער האָט מיר געגעבן אייער נאָמען אַלס רעקאָמענדאַציע.

ווי איך פאַרשטיי, איז ער געווען ביי אייך באַשעפטיגט עטליכע יאָר, און איך וואָלט וועלען וויסן וואָס איר דענקט וועגן זיין כאַראַקטער, אַרבעט, ערליכקייט און פאַראַנטוואָרטליכקייט.

וואָס נאָר איר וועט אונז לאָזן וויסן וועגן אים וועלן מיר האַלטן בסוד.

בכבוד רב,

Dear sir:

I recently interviewed Joseph Meyers for the position of bookkeeper and he gave your name as reference.

I understand that he was employed by you for several years and I should like to know your opinion of his character, work, honesty and reliability.

Anything you may say will be considered confidential.

Sincerely yours,

## 47

### ענטפער אויפן פאַריגען בריוו

מר. מאירס איז אַן ערליכער מענש און אַרבעטזאַם. ער קען גוט בוכהאַלטעריע, אָבער ער האָט איין חסרון. צום באַדויערן, קען ער ניט טאָן אַ סך אַרבעט. פיליכט וועט ער עס קענען באַהויפּטען מיט דער צייט. ער איז יונג און דאַרף באַקומען דערפאַרונג, אַ זאַך וואָס מיר

האָבען אים ניט געקענט געבען. איך דענק, אַז ער וועט אפשר קענען איבערנעמען אַ שטעלע אין אַלגעמיינער בוכהאַלטעריע, טראָצדעם וואָס ער האָט ניט געקענט פֿאַרנעמען די שטעלע אַלס הויפט-בוכהאַלטער אין אונזער גרויסער אָפטיילונג.

בכבוד רב,

Dear Sir:

Mr. Meyers is honest and hardworking. He knows his bookkeeping but he has one drawback. Unfortunately he cannot handle a great volume of work. Perhaps he will be able to do so in time. He is young and needs experience which we could not afford to offer him. I think he might be able to handle a general bookkeeping position, even though he could not take over the position of head of our rather large department.

Very truly yours,

## 48

## אַ רעקאָמענדאַציע-בריוו

מר. דוד בערגער, דער באַזיצער פֿון דעמדאָזיגען בריוו, האָט געאַרבעט אין אונזער פירמע צען יאָר. מיר קענען אים אַלס אַן ערליכן, פעהיגען און פֿאַרטרויענסווירדיגען מאַן. ער קען בוכהאַלטעריע גרינטליך און רעדט עטליכע שפראַכען. מיר זיינען גרייט אים צו רעקאָמענדירען פֿאַר אַ שטעלע וועלכע פֿאָדערט פֿאַראַנטוואָרט-ליכקייט און צוטרוי.

Mr. David Berger, the bearer of this letter, has been with our firm for ten years. During that time we found him honest, capable and reliable. He knows bookkeeping thoroughly and speaks several languages. We have no hesitation in recommending him for a position of trust and confidence.

## 49

## ווענדונג וועגן אַ שטעלע און ענטפער אויף אַן אַנאָנס

חשוב'ער פריינט:

אין ענטפער אויף אייער אַנאָנס אינ'ם „סינסינעטי טיימס אינקווייערער", באָקס X-232, מעלד איך אייך דאָס איך בין אַ געניטער שריפטזעצער, און ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק בין איך געווען באַשעפטיגט אין דער פירמע „בראַון ענד קאָמפּאַני" פון דיזער שטאָט. די פאַרקלענערונג פון אַט יענעם געשעפט האָט געבראַכט צו אַ פאַרקלענערונג פון דער צאָל אַרבעטער.

איך האָף צו האָבען דאָס פאַרגעניגען זיך מיט אייך צו טרעפען, כדי אייך צו געבען יעדע אינפאָרמאַציע וועגען מיין בילדונג און אַרבעטס-דערפאַרונג.

בכבוד רב,

Gentlemen:

I am answering your advertisement in the Cincinnati Times Inquirer, Box X-232. I am an experienced typesetter and until recently was employed by Brown and Company of this city, when decline in business resulted in a reduction of the number of employees.

I hope I may have the pleasure of an interview with you. At that time, I shall be happy to give you additional references and answer any questions you may have with regard to my education, training and experience.

Very truly yours,

## 50

### ענטפער אויף אַן אנאָנס וועגען אַ סטענאָגראַף

חשוב׳ע פריינט:

איך וויל זיך צו אייך ווענדען אום צו באַקומען ביי אייך די שטעלע פון אַ סטענאָגראַף, וועגען וועלכע איר האָט אַנאָנסירט אין היינטיגען „ניויאָרק טיימס״.

ביילינגענד איז אַ סך-הכל פון מיין בילדונג און דערפאַרונג. איך האָף צו האָבען די געלעגענהייט צו רעדען מיט אייך פערזענליך און אייך געבען אַן ענטפער אויף פראַגען וועלכע איר וועט מיר שטעלען.

בכבוד רב,

Gentlemen:

I wish to apply for the position of stenographer as advertised in today's New York Times.

I attach herewith a resumé of my education and experience and I hope I may have the privilege of talking with you personally and answering any further questions you may wish to ask.

Sincerely,

RESUME

Name ..........

Place and date of birth ..........

Elementary school ..........

High school ..........

College or business school ..........

Positions held ..........

..........

References ..........

..........

51

## אַבאָנירונג אויף אַ וועכענטליכער צייטונג

גערעטער פריינט:

אייער אבאָנאַמענט אויף „אַמעריקען ביזנעסמאַן" ענדיגט זיך דעם 31-טען מאי.

מיר ווייסען אַז איר וועט ניט דערלאָזען אייער אבאנאַמענט-צאָלונג זיך צו פאַרשפעטיגען, ווייל איר וועט ניט דורכלאָזען זאגאר אַן איינציגע אויסגאַבע פון אונזער צייטונג.

פינף דאָלאר וועט באַנייען אייער אבאנאמענט אויף נאָך אַ יאָר. ‎$9.50 וועט עס באַנייען אויף צוויי יאָר. זייט אַזוי גוט און באַנוצט דעם ביילינענדען קופאָן און שיקט אונז באַלד אייער טשעק.

בכבוד רב,

Dear Sir:

Your subscription to The American Businessman expires on May 31.

We know that you will not wish your subscription interrupted, for you will not omit the reading of even a single issue of the American Businessman.

Five dollars will renew your subscription for another year, and $9.50 will renew it for two years. Please use the enclosed renewal blank and send us your check or money order at once.

Very truly yours,

52

## צום פּאָסט-מייסטער וועגן אַ ניט-דערהאַלטענעם רעגיסטרירטען בריוו

חשוב'ער פריינט:

דעם 17-טען יולי האָבען מיר געשיקט אַ רעגיסטרירטען בריוו, נומער R–4892 צו משה קעסטנער, 289 נארד סעאטעל עוועניו, באַלטימאָר. ער מעלדעט אונז, אַז דער בריוו איז ניט אָנגעקומען. זייט אַלזאָ אַזוי גוט און לאָזט דעם בריוו נאָכזוכען. מיר בעטען אייך אונז צו אינפאָרמירען וועגען אָט דעם בריוו.

בכבוד רב,

Dear Sir:

On July 17, we sent a registered letter, Receipt No. R-4892, to Mr. Moses Kestner, 289 North Seattle Avenue, Baltimore, Maryland, who informs us the letter was never received. Will you be good enough to put a tracer on the letter, and let us know the results.

Very truly yours,

53

## עקספּרעס קאָמפּאַני געבעטען אַרויסצושיקען אַ פּאַקעט

חשוב'ע פריינט:

איר זייט געבעטען צו קומען ווי אמגיכסטען — מאָרגען, אויב איר קענט — וועגען אַ פּאַקעט וועלכער דאַרף אַרויסגעשיקט ווערען דורך עקספּרעס, געצאָלט אין פאָראויס.

מיט אכטונג,

Gentlemen:

Kindly call as soon as possible, tomorrow, if you can, for a package to be sent express prepaid.

Yours truly,

54

## וועגען אינסטאַלירן אַ נייעם טעלעפאָן

חשוב'ע פריינט :

איך וויל האָבען אַ טעלעפאָן אינסטאַלירט אין 603 עלם סטריט, אויפ'ן נאָמען עלם סטריט האַרדוועער קאָמפּאַני. דאָס איז אַ געשעפטס-טעלעפאָן. איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין אויב איר וועט גלייך שענקען אייער אויפמערקזאַמקייט צו אונזער פאַרלאַנג.

בכבוד רב,

Gentlemen:

I should like to have a telephone installed at 603 Elm Street. The listing should be under the name of the Elm Street Hardware Company. This is a business telephone and I would appreciate your immediate attention to this matter.

Very truly yours,

## פּערזענלעכע בריוו צו פֿריינט און פֿאַמיליע

## *LETTERS TO PERSONAL FRIENDS AND FAMILY*

### 1

### געבורטסטאָג-וואונטש צו אַ פֿאָטער אָדער אַ מוטער

ליבער פֿאָטער, (ליבע מוטער),

עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך וועל ניט קענען זיין צו דער שׂמחה פֿון דיין געבורטסטאָג, וואָס דו גייסט פֿייערן אין עטלעכע טעג אַרום. מיין האַרץ אָבער איז מיט דיר. עס איז שווער אויסצודריקן מיין ליבשאַפֿט און איבערגעגעבנהייט אין אַ בריוו. איך ווינטש דיר אריכות ימים, געזונט, גליק און נחת פֿון אַלע דיינע טייערע.

ווען איך טראַכט זיך אַריין וויפֿיל דו האָסט זיך מקריב געווען פֿאַר מיר און מיך געלערנט צו גיין אויף דעם דרך הישר, איז מיין ליבע צו דיר אָן גרעניצען.

איך וועל פּרוּווען צו טאָן גוטעס און געווינען דיין ליבשאַפֿט צו מיר אויף שטענדיק.

מיינע געדאַנקען און געפֿילן זיינען מיט דיר, ליבער פֿאָטער, אין דעם טאָג פֿון דיין שׂמחה.

זאָל דאָס קומענדיקע יאָר דיר ברענגען אַלדאָס גוטס.

דיין . . .

You will celebrate your birthday in a few days, and I am really sorry I cannot be with you. However, I shall be thinking of you and wishing the very best of everything for my very wonderful mother (father).

A letter cannot begin to express, my dear mother, (father), the deep respect and affection I have for you or my many good wishes for your continued health and happiness that spring from my heart.

When I think of the many sacrifices you have made for me, the guidance you gave me in my early years, and the loving care with which you surrounded me, I feel a deep gratitude and love that can be best expressed by a continued effort on my part to merit your love by hard work and good behavior.

My thoughts are with you on your birthday and I do hope it is a very, very happy one. May the coming year bring you continued good health and every good fortune!

Your loving

## 2

## אַ צווייטער בריוו פֿאַר אַ געבורטסטאָג-באַגריסונג

טייערע מוטער, (טייערער פֿאָטער),

איך וואָלט זיך נאָר געוואונשען צו זיין מיט דיר אויף דיין געבורטסטאָג. ווי גרויס וואָלט דאַן געווען די שמחה, ווען מיר וואָלטען אַלע געקענט זיין צוזאַמען. איך האָף אַז דעם קומענדיגען יאָר וועל איך זיין מיט דיר.

טייערע און ליבע מוטער, אין דעם טאָג פֿון דיין פֿייערונג וועל איך ווידמענען מיינע געדאַנקען צו דיר און וועל אויסדריקען מיינע טיפֿסטע האַרציגע ברכות אַז גאָט זאָל דיר שענקען געזונט און מזל, און אַז דו זאָלסט זוכה זיין צו פֿייערען דיינע געבורטסטעג מיט אונז אַלעמען צוזאַמען.

אַלס אויסדרוק פֿון מיין ליבע צו דיר, מיין געשעצטע מוטער, שיק איך דיר אַ קליינע מתנה דורך לופֿט-פּאָסט, און איך האָף אַז זי וועט אָנקומען אין צייט און אַז זי וועט דיר געפֿעלען.

מיט די בעסטע וואונשען פֿון מיין טיפֿען האַרצען,

דיין געטרייער זון (געטרייע טאָכטער)

Dear Mother, (Father,)

How I wish I could be with you on your birthday! What joy if we could all be together again! But I am sure you know how I long to be with you. Perhaps next year I can be with you, Mother. I hope so, and I know you do too.

Mother dear, I shall be thinking of you and wishing you the very best of everything—happiness, good health, good fortune and many, many, many more birthdays.

I think it is fitting on this day to tell you just what a wonderful mother you are. My heart is filled with love for you.

I'm sending you a small gift by air mail and I hope it arrives in time. It is only a small token of my love but I do hope you like it.

With all good wishes for a happy birthday and long, long years of good health and happiness, I am, always,

Your loving son, (or daughter)

3

## צו אַ זיידע אָדער אַ באָבע

טייערער זיידע, (טייערע באָבע),

לכבוד דעם זיבעציגסטען געבורטסטאָג וואָס דו פייערסט היינט, וויל איך אויסדריקען מיין גרויסען רעספּעקט און ליבשאַפט צו דיר.

מיט דעם אויסנאַם פון מיינע עלטערן, איז קיינער ניט אַזוי חשוב און טייער צו מיר ווי דו. דיין גוטער געזונט-צושטאַנד גיט אונז די האָפענונג, אַז דו וועסט זיין מיט אונז אַלעמען אַ גאַנץ לאַנגע צייט. איך האָף אַז איך וועל האָבען די געלעגענהייט זיך צו טרעפען מיט דיר פנים אל פנים און דיך באַגריסען צו דיין געבורטסטאָג מיט די טיפסטע ברכות.

דיין געטריי אייניקעל

Dear Grandpa, (Dear Grandma,)

Today is your seventieth birthday and I must write you a few lines to assure you of the love and respect I feel for you. With the exception of my parents there is nobody so dear to me as you, and, except for my good wishes to them, there aren't any so full of feeling as those I have for you. The present condition. of your health gives us hope that you will remain with us for a long time.

With the hope that I will have the opportunity to express to you many more times, personally or by letter, my best wishes on your birthday, I remain

Your devoted grandson,

4

## אַ פּלימעניצע גראַטולירענדיג אַ מומע

טייערע מומע,

אַ גליקליכען געבורטסטאָג! איך האָף אַז אַלע דיינע געבורטס-טאָג-וואונשען וועלען פאַרווירקליכט ווערען אין פאַרלויף פון דעם קומענדען יאהר. זאָלען דיינע אַלע געבורטסטעג זיין גליקליכע און פרייליכע.

איך ליב דיך, טייערע מומע, מיט מעהר ליבשאַפט ווי אַלע אַנדערע. מיין שטילער וואונש פאַר זיך אַליין איז צו זיין גוט און פריינטליך אזוי ווי דו. איך וועל תמיד נאָכפאָלגען דעם קלוגען און גוטען ביישפיל וואָס דו ציינגסט מיר אין לעבען.

דיין ליבענדע פלימעניצע

Dear Aunt,

Happy Birthday! I do hope it is a happy one and that all good wishes come your way during the year. I hope, too, that you may celebrate many more happy birthdays.

You are my favorite aunt, and if I were to wish anything for myself on this your birthday, I would wish to be just like you. I think I shall always try to model myself after you and try to follow the good example you set for me.

Your loving niece,

5

## געבורטסטאָג-וואונטש צו אַ ברודער

טייערע יעקב,

נאָך אַ געבורטסטאָג! נאָך אַ יאָר פאַרלאָפּן! און ווידער קום איך צו דיר מיט גוטע ברידערליכע וואונטשן.

ווי דו ווייסט, בין איך ניט אַזוי אויסגעצייכנט ווען עס קומט מיר אויס עפּעס אויסצודריקן אין ווערטער. מיין כוונה אָבער איז אַ גוטע. איך ווינטש דיר פיל גליק אין אַלע דיינע אונטערנעמונגען מיט געזונט און אריכות ימים.

דיין ליבענדער ברודער

Dear Jacob,

Another birthday! Another year! And again good wishes from me! As you know only too well, I am not good at expressing myself and I don't say much, but I mean well, and I sincerely wish you success in all your undertakings, in addition to long life and good health.

Your loving brother,

6

## אַ געבורטסטאָג-בריוו פון אַ פריינט צו אַ פריינדין

טייערע חנה,

מיינע בעסטע וואונטשן צו דיין געבורטסטאָג און צו די אַלע טעג פון דעם קומענדען יאָר!

אזוי ווי איך שרייב זעהר זעלטען בריוו, קען איך ניט פיליכט געניי און קלאָר אויסדריקען מיינע געפילען.

מיינע באַגריסונגען צו דיר ווערען באַגלייט מיט די וואונשען פון געזונט און גליק.

אַט די קליינע מתנה וואָס איך שיק דיר איז בלויז אַן אויסדרוק פון מיין אַכטונג צו דיר.

איך האָף אַז עס וועט דיר דערמאָנען פון איינעם, וועלכער טראַכט אַלע מאָל פון דיר מיט ליבע און געטריישאַפט.

דיין

Dear Anna,

I do want to wish you the very best of everything on your birthday and for every day in the coming year.

I'm not very good at letter-writing nor do I express myself as well as I would like. This letter is therefore a poor attempt But perhaps it will convey my sincere good wishes for your happiness, health and welfare.

The small gift I am sending you, like this letter, is but a token of my esteem. I hope it will always remind you of one who think of you constantly with love and affection.

Yours,

## 7

## אַ לשנה טובה צו עלטערן

טייערע עלטערן,

דאָס נייע יאָר דערוועקט אין מיר עראינערונגען פון ליבע און געטריישאַפט, וועלכע איר האָט מיר מיט אזוי פיל ווארימקייט געשאָנקען.

איצט איז דער געוואונשענער מאָמענט, אייך אויסצודריקען מיין דאַנקבאַרשאַפט און אייך ווינשען געזונט, גליק און מזל צו דעם נייעם יאָר.

איך גריס די גאַנצע משפּחה. קושט פאַר מיינעטוועגן מיינע שוועסטער און זאָגט מיינע ברידער אַז זיי זאָלן שרייבן צו מיר פון צייט צו צייט.

אַוועק פון אייך אַלעמען, איז דאָס לעבן איינזאַם. איך וואָלט זיין גליקליך ווען איך קען מיט אייך אַלעמען פייערן צוזאַמען אָט דעם גרויסן יום טוב.

אייער זון

Dear Mother and Dad,

As we enter the New Year, I cannot help but think of the many years of love and affection both of you have given me and of the many wonderful things you have done for me.

It seems like a fitting time to express my gratitude and to wish you continued happiness and good health.

Give my best wishes to the rest of the family, kiss my sisters for me and tell those brothers of mine to write once in a while I miss you all and wish I could be with you on this holiday.

Your son

## 8

## אַ פאָטער ענטפערט זיין זון אויף אַ לשנה טובה וואונש

טייערער זון,

דיין מוטער און איך דאַנקען דיר פאַר דעם וואונש-בריוו לכבוד דעם נייעם יאָר. עס איז געווען אַ מחיה צו הערען פון דיר. מיר ביידע ווינשען דיר כל טוב צום נייעם יאָר. דו ביסט אַלעמאָל געווען אַ גוטער זון, און מיר האָפען אַז דו וועסט דעם גאַנצען לעבען דיינעם זיין אַ גוטער מענטש.

איך גיב דיר ניט קיין דרשה, נאָר אַ פאָטערס עצה: לערען זיך גוט. די יוגענט איז די גליקליכסטע תקופה אין דעם מענטשענס

לעבען. מאַך רייך דיין נשמה, וועסט דו שפּעטער שניידען מיט געזאַנג וואָס דו האָסט פּערזייט אין דיין יוגענט.

זיי אַ גוט קינד און אַ געטרייער זון. מיר זיינען תמיד גרייט דיר צו העלפען ווען נאָר דו וועסט זיך נוטיגען אין אונזער הילף.

מיט די בעסטע ברכות פון אונז און פון דער גאַנצער משפּחה.

דיין ליבענדער פאָטער

Dear Son,

Your mother and I thank you for your New Year's letter and its greeting. It is always good to hear from you and we both wish you the best of everything for the New Year.

You have been a good son, and we hope you will continue all your life to be an honest and useful man. I do not want to preach, my son, but, you know that youth is the time for learning. Add a little to your knowledge each day, be good and try to follow the lessons you have been taught. Be industrious and apply yourself to your work. Later, you will reap the harvest of your early planting.

Continue to be a good boy and you will then be a good son and know always that we are with you in our thoughts at all times, and that we stand ready to help you if you need us.

With best wishes for the New Year and greetings from the rest of the family, I remain

Your loving father

9

## אַ ניי-יאָר וואונש צו ברודער אָדער שוועסטער

טייערער ברודער (טייערע שוועסטער),

דער שיקזאַל האָט אונז דערוויטערט שוין אַ לאַנגע צייט. איך בין אָבער נאָענט צו דיר אין מיין הארצען. אַך, ווי גרויס וואָלט געווען די פרייד, ווען מיר וואָלטען דאָס געקענט זיין צוזאַמען דעם טאָג פון ניי-יאָר.

אזוי ווי דאָס איז איצט ניט מעגליך, שיק איך דיר מיינע בעסטע וואונשען, און איך האָף אַז דאָס נייע יאָר וועט דיך באַגליקען מיט מזל, געזונד און פרייד.

מיין תפלה איז אַז גאָר אין גיכען זאָל שוין קומען דער טאָג, ווען מיר זאָלען פייערען אַלע אונזערע ימים טובים צוזאַמען. איך בין זיכער אַז אויך דו, מיין ליבער ברודער, ווילסט אַז די פאַמיליע אונזערע זאָל זיין פאַראייניגט. דאָס איז פאַר דיר, מיין ליבער ברודער, צו פאַרווירקליכען אָט דעם וואונש.

בברכת שנה טובה

דיין ליבענדער ברודער

(דיין ליבענדע שוועסטער)

Dear Brother, (Sister,)

Fate has separated us for much too long a time, but you know how dear you are to my heart. What a joy it would be for us to be together on the New Year's Day!

Since this cannot be, I send you my best wishes for the coming year and I hope you will have good fortune, health and happiness.

May the day soon come when we can all be together again, not only for the celebration of this impotrant holiday, but also for the rest of our lives.

I am sure that you, too, are just as anxious as I am that the family should be reunited. Much, of course, depends on you, and I hope that you will soon be able to make our dearest wish come true.

Again, best wishes for the holiday season!

Your loving brother (sister)

## 10

### ניי-יאָר באַגריסונג צו אַ פריינט

טייערער משה,

כ'דאַנק דיר אַהן אַ שיעור פאַר דער שטענדיגער פריינטשאַפט און טריישאַפט וואָס הערשט צווישען אונז לאַנג. מיין זכרון פאַר־זיכערט מיך, אַז עס האָט קיינמאָל ניט פאַסירט אַן איבעררייס אין אונזער פריינטשאַפט.

לכבוד דעם נייעם יאָר שיק איך דיר מיינע האַרציגסטע גוטע וואונשען, זאָלען אַלע דיינע פאַרלאַנגען פאַרווירקליכט ווערען.

עס וואָלט זעהר גוט געווען ווען דער מזל זאָל אונז ווידער צו־זאַמענברענגען און דערפרישען אונזער פריינטשאַפט כקדם.

מיט די בעסטע וואונשען,

דיין אויפריכטיגער פריינט

Dear Morris,

Thanks a thousand times for your continued affection and friendship. For me, your devotion for many years has been such that I can no longer remember when we were not friends.

On this New Year I again wish you happiness and joy. May good fortune lead you toward your most cherished goal and to your heart's desire!

Perhaps good fortune will bring us together again so that we may renew our friendship and be once more together, after being separated for a long time.

With best wishes, I am always
Your sincere friend

## 11

### אַ מזל טוב צו דער חתונה פון אַ ברודער

טייערער ברודער,

אַ האַרציגען מזל טוב דיר און רחל'ען! איך ווינש אייךביידען אייביגע פרייד און גליק. מיין אנטוישונג וואָס איך האָב ניט געקענט קומען צו דער חתונה איז געווען זייער גרויס. צו מיין באַדויערונג, האָב

איך בשום אופן די צייט ניט געקענט נעמען אויף צו קומען. און ווי עס קוקט אוים וועל איך אייך ניט קענען באַזוכען פריער ווי זומער, ווען איך וועל נעמען מיינע צוויי וואָכען וואַקאַציע.

אַלעס איז ביי מיר אין בעסטען אָרדענונג. איך האָב דאָ שוין פיל פריינט, און די געלעגענהייט פאַר דערגרייכען אַ בעסערע שטעלע איז גאַנץ באַפרידיגענט. איצט איז דער סעזאָן און מיר זיינען שטאַרק באַשעפטיגט.

אויב אַלעס וועט גיין כשורה, וועל איך דיך זעהן זומער און וועל האבען דעם פאַרגעניגען צו באַקענען זיך מיט רחל׳ען. לויט די באַריכטען און גרוסען וואָס איך באַקום, האָב איך זי שוין ליב, און ווי איך פערשטיי, איז זי אַזוי גוט ווי זי איז שיין.

זאָל אַייער צוקונפט זיין אַ גלענצענדע.

דיין ליבענדע שוועסטער

Dear Brother,

Congratulations to you and Rachel! I wish you lasting happiness and all the good luck in the world.

You cannot know how disappointed I was not to be able to attend your wedding. Unfortunately, I couldn't take the time off and it looks as though I will not be able to visit you before next summer, when, of course, I'll have my two weeks' vacation.

You will be happy to know that I'm getting along splendidly here. I made a number of good friends and I think there is a real opportunity for me to get ahead in my job. This is our busy season and I've been working very hard.

I'll see you next summer, if all goes well, and then I shall have the pleasure of welcoming my new sister into our family. I think I love her already, for all the reports I have had from the family say she is as good as she is beautiful.

My love to you both, and, again, all good wishes for a lifetime of happiness and good fortune.

Your loving sister,

## 12

## אַ גליקוואונש צו דער חתונה פון אַ פּלימעניצע

טייערע קלאַרא,

מיט גרויס פאַרגעניגען האָב איך געלעזען דיין לעצטען בריוו וועגען דיר און מאָרים. איך האָף, אַז דיין חתונה וועט זיין אין אַ מזלדיגער שעה, געבענטשט מיט פרייד און גליק.

דיין מאַן האָט דיר געוויס געזאָגט, אַז מיר האָבען זיך באַקענט מיט עטליכע יאָר צוריק. איך ווייס אַז ער איז אַ גוטער מענטש, פלייסיג און אַ טיכטיגער אַרבעטער. זיי אַ גוטע איבערגעגעבענע פרוי צו אים, מיין טייערע. איך בין זיכער אַז ער וועט זיין אַ געטרייער און גוטער מאַן צו דיר.

מיט די בעסטע וואונשען צו אייך ביידען,

דיין ליבענדע טאַנטע,

חנה

Dear Clare

I read your last letter with much pleasure and I am very happy for you and Morris. I hope your marriage is blessed with good fortune and happiness all the days of your lives.

As your husband undoubtedly told you, I became acquainted with him a few years ago, and I know that he is a good man, honest, industrious and hard working. Reports I have had of him since are all to that effect. Be a good wife to him, my dear, for I am sure he will be a good husband to you.

With best wishes to both of you, I am

Your affectionate aunt,
Anna

13

## אַ גליקוואונטש צו אַ פריינדינ׳ס חתונה

טייערע דבורה,

קיינמאָל האָט מיר אַ בריוו אַזוי פיל פרייד פערשאַפט ווי דער וואָס איך האָב דערהאַלטען פון דיר. די נייעס איז וואונדערבאַר! איך בין אַנטציקט פון דער נייעס און איך האָף אַז דו ביסט זעהר גליקליך. ווען מיר וואָלטען ניט געווען אַ זעלכע גוטע פריינט, און ווען איך וואָלט דיך אַזוי ניט ליב געהאַט, וואָלט איך געווען אַיי־פערזיכטיג. דאָס מזל האָט דיר אַזוי צוגעשפילט צו קריגען אַזא וואונדערבאַרען מאַן און פריינט אין לעבען ווי גרשון. איך ווינש אייךביידען אַ גליקליכע צוקונפט.

איך וויים אַז דו וועסט זיין זעהר פאַרנומען מיט איינאָרדענען דיין נייע היים, דאָך האָף איך אַז דו וועסט געפינען עטליכע מינוט צו שרייבען מיר אַ פּאָר ווערטער. גיב איבער מיינע גוטען וואונשען דיין מאַן, און זאָג אים אַז ער איז אַ מזלדיגער וואָס אים האָט געלונגען צו קריגען אַזא וואונדערבאַרע מיידעל ווי דו.

דיין ליבענדע פריינדין
בערטהא

Dear Deborah,

Never did a letter bring me so much joy as yours. The news is wonderful! I am delighted to learn of your marriage and I hope you are very, very happy indeed.

Were I not your friend and did I not love you as I do, I declare I'd be jealous of your good fortune in attracting such a wonderful husband as your James. I wish you both long life, good health and the very best of everything.

I know you will be busy, happily so, in putting your new home in order, but I do hope you will find a minute to write to me occasionally.

Give my good wishes to James and tell him, from me, that he is a very lucky man to get such a wonderful girl as you are.

Your loving friend,
Bertha

## 14

### גליקוואונש צו דעם געבורט פון אַ קינד

טייערער הענרי,

איך בין געווען זעהר צופרידען צו הערען די גוטע נייעס, אַז אייער פרוי האָט אייך באַגליקט מיט אַ זון. אַ האַרציגען מזל טוב!

עס וועט זיין פאַר מיר אַ גרויס פרייד צו קומען צום ברית און באַטייליגען זיך אין אייער גרויסער שמחה. איך וועל זיין אין אייער היים דעם אַכטען פון דיזען מאָנאַט, אַזייגער 10 אינדערפרי.

מיט די בעסטע וואונשען צו אייך און אייער פרוי.

אייער

Dear Henry,

I was indeed pleased by the news in your letter telling me that your wife presented you with a son. Congratulations! I shall be very happy to attend the celebration of this happy event. You may expect me at your home at ten o'clock in the morning of the eighth, when your son will be introduced into the covenant of Abraham.

With best wishes for your new born son, your good wife and yourself, I am

Very sincerely yours,

## 15

### נאָך אַ מזל טוב צום געבורט פון אַ קינד

טייערער חיים,

עס האָט מיר פיל פערגעניגען פאַרשאַפט צו הערען די גוטע נייעס אַז דו ביסט געוואָרען אַ גליקליכער פאָטער פון אַ זון. איך ווינש דיר און דיין פרוי אַ האַרציגען מזל טוב. זאָלט איר זוכה זיין צו דער־ציהען אייער זון אַז ער זאָל זיין אַ ברכה פאַר אייךביידען און דער גאַנצער מענטשהייט.

איך האָף אַז דיין פרוי מיט דעם קינד זיינען געזונט און פריש
און וועלען באַלד מיט מזל און גליק זיין ביי דיר אינדערהיים.

מיט די בעסטע וואונשען צו דיר, צו דיין ליבער פרוי און זון.

דיין פריינט

Dear Charles,

I am happy to learn that your wife presented you with a son. May he grow strong and healthy, be of good conduct and character, and a source of comfort and support to you and his mother in your later years!

I hope your wife is getting along well and that she will soon be home again, making your family circle complete.

With kindest regards to your wife and to you and best wishes for your young son, I am,

Sincerely yours,

## 16

## אַן ענטפער אויף אַ גליקוואונש צו דעם געבורט פון אַ קינד

טייערער פריינט,

אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר אייערע גוטע וואונשען לכבוד דעם געבורט פון מיין זון. איך ווייס אַז איר זייט אינטערסירט אין אונזער גליק, און ס'איז מיר און מיין פרוי שרה זייער אַנגענעם צו וויסען אַז איר דענקט וועגען אונז.

איך האָף אַז אין גיכען וועל איך אייך קענען אָפּגעבען מזל טוב אויף דערזעלבער גוטער בשורה. די מוטער און קינד פילען גוט און אין עטליכע טעג אַרום וועלען זיי שוין זיין אין דערהיים.

מיר גרייטען זיך שוין צום ברית און מיר ערוואַרטען אַלע אונזערע קרובים און פריינט. מיר ווילען זעהר אַז איר זאָלט קומען צו דער שמחה אין אונזער היים, דינסטאַג, אַזייגער צען אינדערפרי. באַמיהט זיך צו קומען. מיר ווילען שטאַרק אייך זעהן.

אייער

Dear Friend,

Thank you for your good wishes on the birth of my son. I know you are interested in our happiness and it makes both Sarah and myself feel very happy to know that we are in your thoughts.

I hope that the time will soon come when I can wish you joy on a similarly happy occasion.

Both mother and child are doing well and they will be home in a few days. We plan to have a small Bris celebration for a few close friends and relatives, next Tuesday morning. We would like you to join us at our home around ten. Do try to come because we would very much like to have you.

Yours,

## 17

## אַ בריוו צו אַ פריינט ווינשענדיק אים גליק צום געבורט פון אַ קינד

טייערער פריינט,

איך האָב נאָר וואָס געהערט די גוטע נייעס וועגן אײַער נײַ־געבאָרענעם קינד, איך שיק אײַך מיין האַרציגען מזל טוב.

עס פרייט מיך צו הערען אַז פרוי ראַבינס פילט גוט און איך האָף אַז אין עטליכע טעג שפּעטער וועל איך פּערזענליך איר קענען אויס־דריקען מיינע בעסטע וואונשען.

מיט האַרציגע וואונשען,

אײַער טרייער פריינט

Dear Friend,

I just heard the news of your newly-born child, and I am writing to give you my heartiest congratulations. I am happy to know that Mrs. Robins is well, and I hope to be able to give her my personal congratulations in a few days.

With kindest regards, I am

Your sincere friend,
S. Meyers,

## 18

# אַ פּאָטער׳ס ענטפער צו זיין זון אויף אַ געבורטסטאָג וואונש-בריוו

מיין טייערער זון,

איך דאַנק דיר פאַר דיינע ברכות צו מיין געבורטסטאָג. איך ווייס אַז זיי קומען פון טיפען האַרצען. אָבער לעבען אַזוי לאַנג ווי דו ווינשט מיר וויל איך ניט. איך וויל בלויז זוכה זיין צו זעהן ווי דו ווערסט דערפאָלגרייך און פינאַנציעל זעלבסטשטענדיג.

ווען מיין צייט וועט קומען אוועקצוגיין פון דער וועלט, וועל איך אוועקגיין בשלום וויסענדיג אַז דו ביסט ביכולת פאָרצוזעצען די פעראַנטווארטליכקייט וואָס איך האָב אַזוי לאַנג אויף זיך געטראָגען.

זאָלסט מיר תמיד שרייבען ווען נאָר דו נויטיגסט זיך אין מיין הילף.

דיין ליבענדער פאָטער,

My Dear Son,

Thank you for your good wishes on my birthday. I know they come from the heart. However, I don't really want to live quite as long a life as you wish for me. I would just like to live long enough to see you well-established and on the road to success and financial independence. Then, when the time comes that I am summoned to eternal life, I shall go, knowing that your shoulders will carry the responsibilities I have borne so long.

Always call on me at once if there is any way in which I can be of help to you,

Your affectionate father

## 19

## ענטפער פון אַ פרוי צו איר פריינדין אויף אירע געבורטסטאָג-וואונשען

טייערע דבורה,

איך דאַנק דיר פאַר דער פראַכטפולער מתנה און פאַר די גוטע וואונשען צו מיין געבורטסטאָג. דיין מתנה דריקט אויס דיין גוטען געשמאַק ווי אויך דיין אמתע פריינטשאַפט צו מיר.

נעם צו מיין דאַנק פאַר דיין גוטהאַרציגען און פריינטליכען טהאַט. איך בין שטאַרק גערירט פון דיינע וואונשען, מיין טייערע, און אויב עס איז מיר באַשערט צו זיין גליקליך, האָף איך אַז דיין פריינטשאַפט וועט זיין אַ גרויסער טייל פון מיין גליק.

ווי תמיד, דיין

Dear Deborah,

Thank you for your wonderful gift and for your good wishes on my birthday. As usual, your gift expresses your good taste as well as the sincere friendship I know you have for me. Please accept my thanks for your generous and kind thought.

Your good wishes mean much to me, my dear, and if life had the greatest possible happiness in store for me, it would be nothing without your love and friendship.

As ever,

## 20

## נאָך אַ געבורטסטאָג באַגריסונג

טייערער לואיס,

גוטע פריינט ווערען אַלעמאָל באַגריסט צו זייערע געבורטסטעג.

זאָל גליק דיך באַגלייטען דיין גאַנצען לעבען און זאָלסט געניסען פון גוטען געזונד, גאָט'ס בעסטע מתנה אין לעבען. זאָל אונזער פריינטשאַפט ווערען ווארימער פון טאָג צו טאָג.

דיין

Dear Louis,

It is customary to wish our friends well on their birthdays. But it is not in this spirit that I write you. Indeed, I feel impelled to express my sincere good wishes for your happiness which, I hope, will continue throughout your life.

May health, wealth and contentment be always yours and may we always be friends.

Sincerely,

## 21

## אַן ענטפער אויף אַ מזל טוב

טייערער הענרי,

דו וועסט מיר געוויס אַנטשולדיגען פאַר ניט ענטפערען דיר אין צייט אויף דיין וואַרעמען מזל טוב צו מיין חתונה. געוויסע געשעפטס-פּראָבלעמען האָבען מיך געהאַלטען פאַרנומען און איך האָב געדאַרפט מאַכען אַ רייזע אויף גאַנצע פיר וואָכען, איבערלאָזענדיג מיין פרוי גאַנץ אַליין.

מיר ביידע, מיין פרוי און איך, דאַנקען דיר האַרציג פאַר די ברכות.

איך האָף אַז איצט נאָכדעם ווי איך האָב דערליידיגט אַלע אנגעלעגענהייטען, וועל איך מיט אַ רוהיגען געמיט קענען הנאה האָבען פון מיין נייער היים. רחל און איך ווילען דורכאויס אַז דו זאָלסט אונז באַזוכען אַזוי גיך ווי נאָר מעגלאַך.

דו קענסט דערוואַרטען אַ טעלעפאָן רוף פון מיר אין אַ וואָך אָדער צוויי אַרום. איך וויל זייער און זייער אַז דו זאָלסט קענען מיין רחל׳ען.

דיין פריינט

Dear Henry,

Please forgive me for not writing you sooner about my recent marriage. I hope you will not be offended by my seeming neglect. I really did intend to tell you the good news, but the truth is that business matters have taken up every moment of my time, so much so that I wasn't able to take time off for a honeymoon.

I was working night and day for weeks until the day of my marriage. Then I had to take a trip at once and I had to leave my wife for a full month.

Your nice letter with its congratulations was waiting for me on my return, and both my wife and I thank you for them. We hope you will understand that no offense was intended in not writing you sooner. And now that I've straightened out my business affairs, I hope to have time to enjoy my new home. Rachel joins me in asking you to visit us soon. I shall give you a call in a week or so. I do want you to meet Rachel.

As always, your friend,

22

## אַ טרייסט־בריוו צו אַ פריינט אויף דעם טויט פון זיין פאָטער

מיין טייערער פריינט,

די שלעכטע בשורה וועגען דיין פאָטער'ס טויט האָט מיך זעהר פיל גערירט. ווער נאָך ווי דו ווייסט ווי הויך איך האָב געשעצט און ליב געהאַט דיין פאָטער!

איך האָב געפילט זיין נאָענטקייט און איבערגעגעבענהייט צו מיר ווי איך וואָלט זיין אייגען קינד געווען.

ער וועט מיר פעלען אויף יעדען טריט און שריט. זיין חכמה, זיין שכל הישר, זיינע גוטע און פּראַקטישע עצות זיינען געווען פאַר מיר דער בעסטער וועגווייזער אין לעבען.

ווערטער קענען ניט טרייסטען אין אַ צייט פון טרויער, דאָך האָף איך אַז זיי וועלען דיר העלפען צו זיין שטאַרק גענוג אין גייסט, און פערלייכטערען דיין גרויסען ווייטאָג. דו דאַרפסט און מוזט זיך באַהערשען צוליב דיינע אינגערע ברידער און שוועסטער, וועלכע דו ליבסט אַזוי שטאַרק. אויב איך קען עפּעס טאָן פאַר דיר אין אָט דעם מאָמענט, טעלעפאָניר מיר.

דיין

My dear Friend,

I was grieved to learn of your recent loss. You know that I loved and honored your father as if he were my own. I shall miss him greatly, for he was very often a source of good counsel and encouragement. His memory will be dear to me as long as I shall live.

Words are a poor consolation at a time like this, but I hope that this letter brings you a little comfort. I know how close a bond there was between your father and yourself, and how much you will miss him.

But you have other obligations now. Your responsibility for your younger sisters and brothers who, I know, are very dear to you, will keep you busy.

If I can be of any assistance to you, please telephone me.

Sincerely,

## 23

## אַ טרייסט-בריוו צו אַ פריינדין אויף דעם טויט פון איר מוטער

ליבע סאָפיע,

עס איז זייער שווער צו טרייסטען אַ פריינד אויף דעם פאַרלוסט פון אַ מוטער. איך ווייס ווי טיף דיין צער און ווייטאָג איז.

איך האָב דיין מוטער גאַנץ לאַנג ניט געקענט, אָבער אין אָט דער קורצער צייט האָב איך שוין געקענט לערנען איר גוט האַרץ און וואַרימע נשמה.

ניט נאָר דו אַליין, נאָר אַלע אירע פריינט וועלען פילען דעם גרויסען פאַרלוסט. טייערע סאָפיע, זאָל גאָט דיר געבען כוח צו געפינען אַ טרייסט אין אירע גוטע מעשים פאַר דער מענשהייט.

גאָט האָט זי ניט געלאָזען ליגען אין יסורים די לעצע שעה׳ען פון איר לעבען.

מיינע טרייסטווערטער קומען פון מיין טיפען האַרץ.

דיין

Dear Sophie,

I wish there could be some way in which I could console you for the death of your dear mother. I know how deep your grief is. I knew her only a short time, but even in that short period, I already began to admire her. She was a good and noble woman and she will be greatly missed, not only by you, but also by her many friends.

It is small comfort to know that we canont keep our loved ones with us forever, but it is true, my dear Sophie. Therefore, try not to grieve too much. Remember the fine life she had, the good she did for many people, and be thankful that she suffered very little and that her end was peaceful.

My heart goes out to you at this sad time.

Affectionately,

## 24

## אַ טרייסט בריוו צו אַ שוועסטער אויף דעם טויט פון איר טאָכטער

טייערסטע שוועסטער,

חנה'ס טויט איז אונזער אַלעמענס אומגליק און טרויער. מיין ליבע שוועסטער, איך בין ניט אימשטאַנד אויסצודריקן מיין צער. מיין ליבע און טייערע פּלימעניצע איז שוין ניט מער צווישן די לעבעדיגע. דו מוזט זיך אָבער שטאַרקן און באַרעכטיגן גאָט'ס משפּט. זאָל שוין די צוקונפט זיין אַ ליכטיגע פאַר דיר.

דיין ליבענדער ברודער

Dearest Sister,

The loss of Hannah is indeed a great sorrow, one that is hard for any of us to bear. I cannot find the words to console you, because whenever I think of my lovely niece, my eyes fill with tears and I think my heart will break.

But, my dear, somehow we must all have courage. It is not easy, I know. All we can hope is that we shall never again have such a great sorrow.

Courage, my dear sister, courage!

Your affectionate brother

## 25

### אַ טרייסט-בריוו

טייערע באַרבאַראַ,

איך האָב פיל צער געהאַט ווען די שלעכטע בשורה האָט מיך דערגרייכט.

איך באַטייליק זיך אין אייער צער. איך זאָלט מער פון אַזעלכע אומגליקען ניט וויסען אין אייער לעבען.

אייער איבערגעגעבענער

My dear Barbara,

It was with profound sorrow that I heard of your recent great loss. Please accept my sincere sympathy, and I hope that life brings you no further pain.

Sincerely yours,

## 26

### אַ טרייסט בריוו צו אַ פריינט אויף דעם טויט פון זיין שוועסטער

טייערער גרשון,

פון מיין טיפען הארצען ווערען אויסגעדריקט מיינע ערענסטע טרייסטונגען אויף דעם גרויסען פארלוסט וואָס דו האָסט געליטען.

עס איז שווער צו געפינען טרייסט-ווערטער. דיין שוועסטער איז געווען אַזוי יונג. זי האָט נאָך גאָר ניט גענאָסען פון דעם לעבען.

עס איז שווער צו פערשטעהן די וועגען פון גאָט אָבער מיר מוזען אַלעס מקבל זיין באהבה. מיר מוזען זאָגען: גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט.

דיין ליבענדער פריינט

Dear George,

Please accept my sincere sympathy for your recent loss. I know how difficult it is to offer consolation, particularly when I remember that your sister was so very young.

The ways of the Almighty are concealed and often hard to understand, but we must submit to His will, though sorrows such as these are difficult to bear.

Always your friend,

## 27

### פריינטשאַפט פאַרבינדונג

טייערער מאָריס,

שוין זעקס מאָנאַטען זיינען אַוועק ווי מיר זיינען דערווייטערט געוואָרען און ניט געהערט איינער פונ׳ם צווייטען. איך ווייס ניט ווער עס איז אין דעם שולדיג איך צי דו, אָבער עס קען אַזוי ווייטער ניט אָנגעהן. מיר זיינען דאָך געווען גוטע פריינט און אַלעמאָל פערבראַכט צוזאַמען. עס איז אמת אַז מיר זיינען ביידע שטאַרק פערנומען, איך בעט דיך אָבער למען השם מיר גלייך צו ענטפערען אויף מיין בריוועל און לאָמיר צוריק אָפפרישען אונזער חבר׳שאַפט.

דיין געטרייער פריינט,

Dear Morris,

We have been separated for six months and not once did we write to each other. I do not know whether to blame you or myself. We are probably both at fault. But let us not try to fix the blame. I know you have been just as busy as I.

However, I want you to know that I think of you often and I hope you occasionally think of me and remember the good times we had together. Do write to me soon and tell me all the news. Your silence worries me a little.

As ever,

## 28

### אַן ענטפער אויף דעם בריוו 27

טייערער נתן,

עס האָט מיך זעהר געפרייט צו הערען פון דיר. איך האָב פיל געטראַכט פון אונזער פריינטשאַפט און זיך געקליבען דיר צו שרייבען. אָבער, ווי דו האָסט באַמערקט אין דיין בריוו, זיינען מיר ביידע געווען שטאַרק פערנומען.

אונזער פריינטשאַפט איז ניט אָפּגעקילט געוואָרען. מיר וועלען תמיד זיין גוטע פריינט. אמת, טאַקע, קאָרעספּאָנדענץ איז ניט אלע־מאָל דער איינציגער אויסדרוק פון פריינטשאַפט, דאָך לאָמיר פון צייט צו צייט הערען איינער פונ׳ם צווייטען.

דיין פריינט

Dear Nathan,

It was good to hear from you. I, too, have ben thinking of you and I intended to write long before but, as you say, you and I have both been very busy.

We have been friends a long time and I think we shall remain friends, even if we do not write to each other often. Letters are not necessairly a proof of friendship, though it is always good to hear from one's friends. Only the heart knows its friends and in them it has confidence. Therefore, if I did not hear from you, I would still feel that we are good friends. Write to me whenver you can and tell me all the news about yourself.

I am, always,
Your friend,

## 29

### אַנטשולדיגונג פאַר אָפּלייגען אַן ענטפער אויף אַ בריוו

טייערער שלמה,

דו וועסט מיר געווים אַנטשולדיגען פאַר מיין פאַרשפּעטיגטען ענטפער אויף דיין בריוו פון לעצטען מאָנאַט. ניט נאָר בין איך געווען שטאַרק באַשעפטיגט נאָר מיר האָבען אויך געהאַט משפּחה מיט אונז וועלכע האָבען פערבראַכט מיט אונז גאַנצע צען טעג.

דו דאַרפסט געווים געדענקען די טאַנטע אסתר און דעם פעטער יוסף.

מיר האָבען אַלע צוזאַמען זעהר גוט פערבראַכט. גלייך נאָך זייער באַזוך, איז ראָבערטאַ קראַנק געוואָרען אויף מאָזלען און מיר אַלע האָבען זעהר פיל געליטען. זי איז שוין איצט גאָט זיי דאַנק פאָלקאָם געזונט.

איך האָב לעצטענס זייער שווער געאַרבעט און איך האָף אַז איך און שרה וועלען מיר קענען נעמען אַ וואַקאַציע דעם ווינטער.

מיין שוועגערין סעלמאַ האָט אונז פאָרגעשלאָגען אַז זי וועט נעמען די קינדער פאַר אַ וואָך אָדער צוויי. נו, גלויב איך אַז מיר וועלען איר אָנטאָן אָט דעם פערגעניגען. מיר וועלען מסתמא פאָרען צום ים מיט אונזער מאַשין און מיר וועלען אייך קומען באַזוכען. אין צייט וועל איך אַייך אינפאָרמירען וואָס מיר פלאַנעווען צו טאָן.

מיט די בעסטע גרוסען צו דיר און צו דיינע ליבע. אין דער צוקונפט וועל איך זיין מעהר פינקטליך.

בידידות

Dear Solomon,

Please forgive me for not answering your sweet letter which I received about a month ago. Not only have I been very busy, but, in addition, we had relatives visiting us for ten days or so. Perhaps you will remember Aunt Esther and Uncle Joe.

It was very pleasant having them with us but it certainly kept us busy. After they left, Roberta came down with the measles and so life has been a bit difficult. Now, thank God, she is all right.

I've been working very hard and hope that Sarah and I will be able to take a vacation sometime this winter. Selma, my wife's sister, offered to take the children for a week or two and I think we will take advantage of her kindness.

If we do take a week off, we shall probably drive down to the shore and if we do, perhaps we can stop over to see you. I'll inform you when we know better what our plans are.

With all good wishes to you and yours and my promise to you that in the future I will try to answer your letters more promptly, I am

Sincerely,

## 30

## נאָך אַ בריוו וועגען ניט שרייבען

טייערער יוסף,

וואָס האָט פּאַסירט? פאַר וואָס הערען מיר ניט פון דיר? האָסטו זיך אין גאַנצען פאַרגעסען אין אונז?

שוין אַכט וואָכען ווי דו ביסט אין סענט לואיס און ניט קיין איינציגען וואָרט פון דיר. דו האָסט דאָך אונז פאַרזיכערט אַז דו וועסט אונז שרייבען. מיר טראַכטען תמיד פון דיר און ריידען אַלעמאָל וועגען דיר. מיר וואָלטען זייער און זייער דיך געוואָלט האָבען מיט אונז. איך בין זיכער אַז אויך דו טראַכסט וועגען אונז.

שרייב און דערצעהל אונז אַלעס וועגען דיין לעבען און ווי דיר געפעלט דיין נייע שטעלע. מיר זיינען אַלע געזונט. קיינע ענדערונגען אין אונזער אַרט לעבען.

מיר גריסען דיך אַלע זעהר האַרציג.

דיין פריינט,

Dear Joseph,

Why don't we hear from you? Have you forgotten us entirely? It is at least eight weeks since you left for St. Louis and you promised you would write, but not a word did we hear from you!

We think of you often and speak of you, for we miss you very much. I'm sure you think of us too. Write us soon and tell us all the news, how you are, what you are doing and how you like your new location.

Everyone is well here and things are just the same as they have been.

With best regards from all of us, I am

Yours sincerely,
Morton

## 31

## נאָך אַ בריוו וועגען דעם זעלבען ענין

טייערער מאַרקוס,

שוין צוויי יאָר פאַרלאָפען ווי איך האָב פון דיר קיין וואָרט ניט געהערט, היתכן? האָסטו ווירקליך אינגאַנצען פאַרגעסען אַלע דיינע גוטע פריינט? עס איז שווער צו גלויבען אַזאַ זאַך.

ווי גייט עס דיר? און ווי לעבט זיך עס אין אַלגעמיין? ווי דו זאָלסט ניט זיין פערנומען, קענסט דו געפינען א מינוט אָנצושרייבען עטליכע ווערטער.

דיין פריינט

Dear Marcus,

It has been two years since I last had word from you. I think of you often and wonder how life is treating you. Sometimes I wonder if you forgot your old friends altogether. Surely you are not so busy that you cannot find time even for a postcard.

Your friend,

## 32

## אַנטשולדיגונג פאַר ניט שרייבען

טייערער נתן,

איך ווייס ניט וואָס דו ווערסט וועגען מיר טראַכטען און דענקען פאַר ניט שרייבען צו דיר אַזאַ לאַנגע צייט.

איך האָב דיך ניט פאַרגעסען, איך האָב דיך אַלע מאָל אויף מיינע געדאַנקען. גאַנץ פשוט: איך בין געווען זעהר און זעהר פאַרנומען מיט מיינע געשעפטען.

מיר זיינען אַלע געזונט און גאָט צו דאַנקען אָהן זאָרגען פון פּרנסה.

איך דערוואַרט צו הערען פון דיר און איך פאַרזיכער דיך אַז אין דער צוקונפט וועל איך מעהר ניט פאַרנאַכלעסיגען מיין שרייבען.

דיין פריינט

Dear Nathan:

I do not know what you must be thinking of me for not having written you long before this time. Do not think that I did not have you in my thoughts, for indeed I have, very, very often.

Please forgive me for my seeming neglect and be assured that, though I am lax about writing, I do not forget my good friends.

I've been quite busy—it is true—and I am happy to say that we have all been well here. Do write and tell me all the news of yourself and yours. I promise to be a better correspondent in the future.

Yours, as ever,

33

## אַנטשולדיגונג פאַר ניט קומען אין צייט

טייערער סידני,

זיי מיר מוחל פאַר ניט קומען אין צייט ווי איך האָב דיר פערשפּראָכען. אַ פערזאָן פון אַן אַנדער שטאָט האָט מיך אומערוואַרטעט באַזוכט און איך האָב אים ניט געקאָנט איבערלאָזען אליין. איך האָב דיר טעלעפאָנירט, אָבער אָן דערפאָלג.

איך בעט דיר נאָך אַמאָל מיר צו ענטשולדיגען, און לאָמיר באַשטימען אַ צייט, אָנפאַנג קומענדע וואָך זיך צו טרעפען.

דיין

Dear Sidney,

I must apologize for not keeping my appointment with you yesterday.

Unfortunately, an unexpected visitor detained me. He was from out of town and I just could not get away. In the meantime, I tried to telephone you without success.

Please forgive me and let's try to get together early next week.

Sincerely,

## 34

### וועגען קראַנקהייט

טייערע דאָראַ,

עס טוט מיר לייד דיר צו באַריכטען אַז איך וועל דיך נים קענען זען די וואָך, ווייל סידני האָט זעהר אַ שווערע פאַרקילונג און ער דאַרף ליגען אין בעט.

ביז וואַנען עס וועט אים בעסער ווערען, קען איך ניט מאַכען קיינע פלענער. איך וועל דיר שרייבען אָדער טעלעפאָנירען סוף וואָך.

גאַנץ מעגליך אַז מיר זאָלען זיך טרעפען אַ געוויסען טאָג די קומענדע וואָך און פרישטיקען צוזאַמען.

אסתר

Dear Dora,

I'm sorry but I shall be unable to meet you this week, as we planned.

Sidney has a bad cold and is confined to his bed. I, therefore, cannot make any plans until he feels better.

I'll call you or send you a note at the end of the week and perhaps we can meet for lunch one day next week.

As ever,
Esther

35

## אַ באַגריסונג צו אַ פריינט לכבוד זיין נייער שטעלע

טייערער יוסף,

עס האָט מיך באמת געפרעהט צו הערען אז דיר האָט אָפּגע־גליקט צו קריגען אַ שטעלע אין אַ צייט ווען מסחר איז ניט ווי אמבעסטען.

איך בין זיכער אַז דו וועסט זיין אַ גרויסער דערפאָלג אין דיין ארבעט, און אַז דו וועסט ברייינגען פיל נוצען דיין פירמע.

בברכת כל טוב,

דיין

Dear Joseph,

I was indeed glad to learn that you succeeded in getting a job, especialy at a time when business is bad.

I think you should do very well in the kind of work you have chosen and I think you will be very valuable to your company.

Good luck and congratulations!

Sincerely,

36

## באַגריסענדיג אַ פריינט וואָס האָט געענדיגט אַלס דאָקטאָר מעדיצין

טייערער סטען,

אָט האָב איך ערשט געהערט די גוטע נייעס וועגען דיין ענדיגן אלס דאָקטאָר מעדיצין.

מיינע בעסטע האַרציגע וואונשען דיר פאַר אָט דער דער־גרייכונג ! גוט אַז דו ביסט מיט מזל איבערגעקומען די אַלע שוועריקייטען וועלכע דו האָסט אדורכגעמאַכט אין דער צייט פון דיין שטודירען.

מיט פריינטליכען גרוס,

Dear Stan,

I just learned that you have completed your medical studies and have received your M.D.

Please accept my heartiest congratulations. I think you should also be congratulated on your diligence as a student and your determination in the face of many obstacles.

With all good wishes for your success in your new career, I am

Very sincerely yours,
Dora Bloom

## 37

## אַ באַגריסונג צו אַ פריינט וועלכער איז באַעהרט געוואָרען מיט אַ מעדאַל

טייערער יצחק,

עס האָט מיר פיל פרייד פערשאַפט צו הערען די גוטע נייעס אַז דו ביסט באַעהרט געוואָרען מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל פאַר דער רעדע וועלכע דו האָסט געהאַלטען לעצטע וואָך.

נעם אָן מיינע האַרציגע וואונשען.

דיין פריינט
שמואל לעווי

Dear Isidore,

It was a pleasure for me to learn that you won a gold medal for the speech you made last week. Accept my hearty congratulations.

Your friend,
Sam Levy

# ליבעס-בריוו

*LOVE LETTERS*

## 1

### הייראַטס פֿאָרשלאַג

טייערע סאָפיע,

שוין באַלד אַ קיילעכדיגער יאָר פֿאַרלאָפֿען פֿון דעם טאָג ווען איך בין אַזוי וואַרים אויפֿגענומען געוואָרען אין דיין היים אַלס אַ פריינט. דו ווייסט גאַנץ גוט ווי איך האָב ליב צו פֿאַרברייינגען און באַזוכען דיין היים.

איך וועל זיין גאַנץ אָפֿענהאַרציג און דיר זאָגען אַז דיין פערזענליכקייט האָט דאָס מיך געבראַכט אין דיין היים מיט דער האָפֿענונג צו געווינען דיין ליבע און אינטערעס צו מיר. איך ווייס ניט ווי ווייט ערפֿאָלגרייך איך בין געוועזן צו געפינען אַ ווינקעל אין דיין האַרץ און צו געווינען דיין ליבשאַפֿט צו מיר. מיין צוקונפט איז מיט דיר, טייערע סאָפיע, ווייל איך ליב דיך זעהר מיט מיין האַרץ און נשמה.

איך דערוואַרט דיין גוטען ענטפֿער מיט גרויס אומגעדולד. ווען דער ענטפֿער וועט זיין יאָ וועל איך זיין דער גליקלאַכסטער מענש אויף דער וועלט, און איך פֿאַרזיכער דיך אַז דו וועסט זיין זעהר גליקלאַך מיט מיר. דו ביסט די ערשטע חבר'טע אין מיין לעבען וועמען איך ליב מיט אַלע מיינע בעסטע און וואַרימסטע געפֿילען.

איך וואַרט אויף דיין ענטפֿער מיט אומגעדולד.

דיין אמת'ער, ליבענדער יוסף

Dear Sophie,

Almost a year has passed since I first began to be received in your home as a friend. I think you know how much I enjoy visiting you and what pleasure I find in your house.

I must tell you frankly, though, that during all this time it is you who have been the magnet drawing me to your home. My one hope has been to win your love. Have I succeeded even in a small way? Has the deep, heartfelt, true love I have for you found a responsive chord in your own heart?

I sincerely hope so because all my hopes for future happiness depend upon your answer.

Dear Sophie, I am not one whose love is fleeting. Mine is a genuine and lasting love, founded on respect and esteem.

For many months I have been anxious to speak to you, and now I can no longer bear the suspense. The dye is cast and on this letter I lose or win all.

Will you, my dear Sophie, consent to be my wife? If you say yes, you will make me the happiest man in the entire world and I promise to protect you for the rest of our lives from all sorrow and pain. I shall try to make you happy and to be a tender and loving husband to my first and only beloved mate.

Let me hear from you soon. Please do not keep me in suspense.

With all my love,
Joseph

2

## צוגעשטימט צום הייראַטס פֿאָרשלאַג

טייערער יוסף,

דיין וואונדערבאַרער בריוו האָט מיך באמת גליקלאַך געמאַכט. אויך איך האָב פיל פֿאַרגעניגען געהאַט פון דיינע באַזוכען. זיי וואָלטען מיר אויסגעפעלט ווען זיי עקזיסטירען מעהר ניט. דו ווייסט גאַנץ גוט אַז איך האָב דיך דערמוטיגט מיך צו באַזוכען. איך

באַגרייף און שעץ ווירקלאַך דיין פריינטשאַפט און אָפּענהאַרציגקייט. איך האָב געוויזען דיין בריוו מיינע עלטערען און זיי האָבען מיך געבעטען דיך איינצולאדען אויף היינט אָוונט צו זיין אונזער גאַסט אין אונזער היים.

אויף אייביג,

דיין סאָפיע

Dear Joseph,

Your wonderful letter made me very happy indeed. I, too, have enjoyed your visits, and I would miss them very much indeed if you were to stay away for even a short time.

I think you know me well enough to realize that I did not encourage your visits from a spirit of flirtation. Indeed, I value your friendship and companionship and I could not possibly triffle with such sincere affection and love as you offer me.

I showed your letter to my parents and they asked me to tell you that they would be pleased to have you as their guest this evening.

Until then, I am
Yours ever,
Sophie

## 3

## אַן אָפּזאָג אויף אַ חתונה פאָרשלאַג

טייערער פריינט:

אַייער בריוו האָט מיר פיל צער פערשאַפט, איך פיל אַז איך האָב אַייך מיט מיין האַנדלונג געמאַכט צו גלויבען און האָפען אויף אַ זאַך וואָס קען קיינמאָל ניט פאַרווירקליכט ווערען.

איך בעט אַייך אַז איר זאָלט מיר גלויבען אַז איך האָב זיך ניט געשפּילט מיט אַייערע געפילען און אַייך דערמוטיגט מיך צו באַזוכען אַזוי אָפט. איך האָב זעהר געשעצט אַייער געזעלשאַפט און פריינטשאַפט. איך האָב אָבער געמאַכט אַ טעות און ניט פערשטאַנען ווי ווייט ערנסט איר זייט געווען מיט אַייער ליבשאַפט צו מיר.

עס טוט מיר לייד וואָס איך קען ניט טיילען מיינע געפיהלען מיט אייערע. איך וועל אייך תמיד הויך שעצען און זיין דאנקבאַר פאַר'ן כבוד וואָס איר האָט מיר געצייגט.

האָפענדיג צו געניסען פון אײַער שיינער פריינטשאַפט אין דער צוקונפט, פארבלייב איך דיזעלבע פריינדין אײַערע.

סאָפיע אייבראַהאַמס

Dear Friend:

Your letter has caused me much sorrow, for I feel that unconsciously I made you entertain a hope that can never be realized. I trust you will believe me that it was in no spirit of flirtation that I encouraged your frequent visits to us, but only because I valued your friendship very highly and thought that in return you regarded me as a friend. Your letter, which I shall always consider confidential, showed me my error. I am truly sorry that I do not entertain the same sentiments toward you which you have for me. I shall always esteem you highly and I am very grateful for the honor you conferred on me.

Hoping that I may continue to retain your valued friendship, I am

Your friend, as ever,
Sophie Abrahams,

4

## אַ פאָטאָגראַפיש בילד פאַרלאַנגט

טייערע מרים,

געדענקסטו אַז מיט אַ מאָנאַט צוריק, האָסט דו מיר פרעשפּראָכען, אַז אויב איך וועל דיין בילד אַריינגעבען אויף דעם ערשטען בלאַט פון מיין אַלבום, וועסטו מיר גלייך צושיקען דיין פאָטאָגראַפיע?

איך האָב געלאָזען ליידיג דאָס ערשטע בלאַט און וואַרט נאָך אַלץ אויף דיין צוזאָג.

דו קענסט זיך ניט אַנטשולדיגען אַז דיין בילד איז ניט אַרויס־
געקומען גוט, ווייל איך ווייס אַז עס איז אויסגעצייכענט שיין.

טייערע מרים, איך בעט דיך, זיי מקיים דיין צוזאָג און שיק מיר
גלייך דאָס בילד, זאָל עס מיך טרייסטען ווען איך קען ניט מיט דיר
פאַרברייינגען פנים אל פנים.

דיין דוד

Dear Miriam,

Do you remember promising me, about a month ago, that you would give me your photograph if I would put it on the first page of my album? I made you a promise and I kept my word faithfully, because I left the first page unused, but I still do not have your picture. I hope that you are not sorry that you made this promise. You cannot excuse yourself by saying that you do not have a good picture, because I know that your last photograph was excellent.

I am asking you, dear Miriam, to send me at once the picture you promised me, so that it may console me when I cannot be with you in person.

Most affectionately yours,
David

5

## ערלויבעניש פאַרלאַנגט צו באַזוכען א פריילין

טייערע מרים דייווידסאָן,

נאָכדעם וואָס איך האָב געהאַט דעם גרויסען פאַרגעניגען אייך
צו טרעפען אין אייזער פריינדינ׳ס הויז, פרוי גרין, נעם איך מיר
די פרייהייט פון אייך צו בעטען די דערלויבעניש אייך צו באזוכען אין
אייער היים.

איך וואוין דאָ אין שטאָט אַ קורצע צייט, אָבער אייער פאָטער
וועט זיכער געדענקען מיין אָנקעל סעמיועל רייס פון שיקאַגאָ.

האָפּענדיג אַז איר וועט מיר אַנטשולדיגען פאַר זיך נעמען די פרייהייט אייך צו שרייבען, און אַז איר וועט מיין פערלאַנג ניט ענטזאגען, און איר וועט מיר לאָזען וויסען ווען איך קען אייך קומען זעהן.

מיט גרוים אויפריכטיגקייט,
אהרן מאַרקס

Dear Miss Davidson:

Since I had the pleasure of meeting you once at the home of our mutual friend, Mrs. Green, I am taking the liberty of writing you to ask your permission to pay you a visit. I have been living in this city for a short time, but your father will, I think, remember Mr. Samuel Rice of Chicago, who is my uncle.

Trusting you will forgive the liberty I have taken, and that you will let me know when I may see you, I remain

Respectfully yours,
Aaron Marks

## 6

## אַן ענטפער אויף דעם בריוו נומער 5

טייערער מר. מארקס :

עס וועט מיר פיל פרייד פערשאַפען אייך צו זעהן אין אונזער היים, פון היינט אין אַ וואָך אַרום, 8 אָוועט.

מיין פאָטער געדענקט זעהר גוט אייער פעטער, און אויך ער וויל זיך מיט אייך באַגעגענען.

אויפריכטיג,
מרים דייווידסאָן

Dear Mr. Marks:

It will give me great pleasure to see you at my home a week from today at 8 P.M. My father asks me to tell you that he remembers your uncle well and that he, too, would like to meet you.

Sincerely,
Mary Davidson

## 7

# אַ חתונה פֿאָרשלאַג

טייערע מלכה,

עפּעס האָב איך די גאַנצע צייט זיך געשראָקען דיר צו זאָגען אַז איך בין זעהר שטאַרק פֿאַרליבט אין דיר. איך טראַכט נאָר פֿון דיר. טאָג און נאַכט ביזטו אויף מיינע געדאַנקען. ווען מיר זיינען צוזאַמען, פֿיל איך צייטענווייז הילפלאָז, ווייל מיין צונג איז ווי צוגעקלעבט צו מיין גומען און כ׳געפֿין ניט פּאַסיגע אויסדרוקען.

איך האָף אַז דו וועסט מיר פֿאַרגעבען פֿאַר מיין שרייבען. אָהן דיר קען איך קיינמאָל גליקליך ניט זיין. איך פֿאַרדין צוויי הונדערט דאָלאַר אַ וואָך און איך האָב אויך אָפּגעשפּאָרט אַ געוויסע סומע. מיר וואָלטען געקענט לעבען גאַנץ באַקוועם מיט מיין איינקונפֿט. איך וועל מיין גאַנצען לעבען ווידמענען צו מאַכען דיך גליקליך. אויב דו וועסט נאָר באַוויליגען צו ווערען מיינע וועסטו מיך גליקליך מאַכען.

כ׳בעט דיך צו געבען מיר אַ פּאָזיטיווען ענטפֿער. לאָז איבער אַ נאָטיץ אין מיין הויז אַז דו וועסט מיך טרעפֿען קומענדען זונטאָג אין דעם קליינעם פּאַרק ניט ווייט פֿון דיין הויז. זאָג אַז דו וועסט זיין מיינע.

דיין ליבענדער שמואל

Dear Millie,

I've been afraid to tell you for a long time that I am so very much in love with you. Now I can think of nothing else. I think of you the entire day and dream of you at night.

I love you so much. I hardly know what to say when we are together and sometimes I feel like a fool—I am so tongue-tied.

I hope you will forgive me for writing this way, but the truth of the matter is I cannot be happy unless you promise to be mine. I'm earning good money now, two hundred dollars a week,

and I have a little saved. We should be able to live comfortably on my earnings. I will devote my life to making you happy and you can make me happy by saying you will be mine.

Pelase leave a note at my house, saying that you will meet me next Sunday afternoon in the little park near your home, and give me your answer. Just say you will be mine.

Your adoring
Sam

## 8

### אַ גינסטיגער ענטפער אויף דעם בריוו 7

טייערער סעם,

איך האָב געדענקט אַז דו וועסט קיינמאָל ניט אַרויסקומען מיט קלאָרע ווערטער אַז דו ביסט שטאַרק פאַרליבט אין מיר. איך האָב שוין פון לאַנג געפילט מיין ליבע צו דיר. איך וועל זיין זעהר גליקליך דיך צו באַגעגענען אין פּאַרק קומענדען זונטאָג, און אַרומריידען אונזער צוקונפט.

דיין ליבענדע
מלכה

Dear Sam,

I thought you would never get around to telling me you loved me! I've loved you for a long, long time. I shall be happy to meet you in the park Sunday afternoon and then we can talk about our future.

Your loving
Millie

## 9

### אַ מיידעל באַקלאָגט זיך אויף דער גלייכגילטיגקייט פון איר פריינט

טייערער הענרי,

שוין אַכט טעג פאַרלאָפען זינט מיר האָבען זיך געזען און איך פיל אַז אַן ענדערונג איז פּאָרגעקומען אין דיין באַנעמונג צו מיר. איך שרייב דיר כדי אויסצוגעפינען וואָס עס האָט פּאַסירט. גלייך נאָך

אונזער פערלאָבונג, פלעגסטו מיך באַזוכען יעדען אָווענט און פאַר־
בריינגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דיין ליבשאַפט צו מיר איז געווען
היים און טריי. אָבער איצט פיל איך אַ קאַלטקייט. דו קומסט זעהר
זעלטען, און אַז דו קומסט שוין, איילסטו זיך גלייך אַוועקצוגיין און
ניט אַ וואָרט פון ליבע און טרייסט קומט אַרויס פון דיין מויל.

זאָג מיר דעם ריינעם אמת: האָסטו שוועריגקייטען אין דיין
געשעפט אָדער אין דער היים, און אפשר האָט זיך אין גאַנצען דיין
ליבע צו מיר אָפּגעקילט? זיי אָפענהאַרציג און קום ארויס מיט קלאָרע
דיבורים. אויב מיין ליבע קען דיר אַ טרייסט בריינגען, וועט פון מיר
קיין מניעה ניט זיין. כ'זוך ניט און פערלאַנג ניט אַן אַרויפגע־
צוואונגענע ליבע.

האָפענדיג צו הערען פון דיר, פערבלייב איך

דיין מאַטילדע

Dear Henry,

Eight days have passed since I last saw you and I am writing to ask you what kind of cloud has come between us. During the early days of our engagement you used to come to see me every evening, and you stayed until very late. Even then you were apparently unwilling to leave me. You showed love and kindness towards me, and your only desire seemed to be to impress me with your devotion. Now you come to see me very seldom and you seem rather cold and restrained. You leave early, and no words of love come from your lips.

I do not want to force you to act towards me as you formerly did. You know that I did not reveal my love for you until you sought it earnestly, and you made me feel that your whole heart belongs to me. But now, Henry, I am pleading with you to tell me the truth.

Do you have difficulties in your business or at home that caused a change in your feelings towards me, or have you ceased to love me? Tell me frankly what the trouble is. If my love can

comfort you in your hour of need, believe me it will not be withheld from you. But if you no longer love me, tell me so without reservation. I do not seek and I do not want a forced love.

Hoping to hear from you soon, I am

Yours,
Mathilda

## 10

## שטערונג פון עלטערען

מיין טייערע מרים,

אין דער זעהר ניט געוואונשענער לאגע אין וועלכער מיר געפינען זיך, דארפען מיר זיך ניט נאר רעכענען מיט די פליכטען צו אונזערע עלטערען נאר אויך מיט אונזער אייגענעם גליק אין לעבען. איך קען בשום אופן ניט שלום מאכען מיט דעם געדאנק, אז דו וועסט מיך אויפגעבען צוליב דעם ווידערשטאנד פון דיינע עלטערען. אפילו ווען זייערע מאטיווען וואלטען געווען גערעכטע, וואלט דער באשלוס געדארפט קומען דירעקט פון דיר אליין. איך קען ניט גלויבען אז עס וועט קומען צו אזא מאמענט.

איך האב דיך ליב, און איך וועל דיך תמיד ליבען, און איך גלויב אז דו ליבסט מיך אויך. מיר דארפען זיך ניט שרעקען פאר דער עקשנות פון עלטערען. עס האנדעלט זיך וועגען אונזער צוקונפט. עס איז אונזער פראבלעם און ניט די עלטערענ׳ס. עלטערען האבען ניט קיין רעכט צו שטערען אונזער גליק אין לעבען. אויב עלטערען ווילען ניט געבען זייער ברכה, וועט אונזער ליכטיגע צוקונפט קומען אהן זייער צושטימונג. דו ווייסט אז מיינע ווערטער זיינען הארציגע און אמת׳ע. מיר טארען ניט פארלירען איינער דעם צווייטען. די צוקונפט באלאנגט צו אונז ביידען. אונזער ליבע איז א ריינע און א הארציגע, טייערע מרים. איך קען ניט און וויל ניט דיך פארלירען.

דיין אייביג ליבענדער

בנימין

My dear Miriam,

In the unfortunate situation in which we find ourselves we must consider not only our obligation to our parents but also our own happiness. One fact is certain—I canont for one moment entertain the thought that you will give me up because of your parents' disapproval.

If they had valid objections, the case might be somewhat different and even then the decision would have to come from you. I cannot believe that will ever happen. For my part, I love you very dearly and I shall always love you that way, just as I believe you love me. What then do we have to fear even if the displeasure of our parents should continue longer than I think? This is a matter which, for the most part, concerns us only. We have every right to do what is proper, but duty does not mean blind obedience to unreasonable demands. Think what this would mean, dearest Miriam! Do not allow yourself to be forced into yielding to these demands. There is a limit beyond which no one has a right to force us. If we cannot call each other husband and wife with the consent of those who should want happiness for us, we must find our happiness without their consent. When once we are united, the question of obedience to our parents will be settled once and for all. I think that you are morally duty-bound to look on me as the one person who has the absolute right to advise you—a right conferred on me by your love. You know I would not advise you to do anything wrong, nor would you consent to do it even if I wanted it. Miriam, dear, I just cannot and will not lose you!

Forever yours,
Benjamin

## 11

### אַן ענטפער אויף דעם בריוו 10

מיין טייערער בנימין,

דיין בריוו וועלכען איך האָב פיל מאָל איבערגעלייענט, האָט מיר פערשאַפט גרויס עגמת נפש. וואָס איך זאָל ניט טאָן אָדער

זאָגען וועט אויסגעטייטשט ווערען צום שלעכטען. דער אמת איז אַז מיר ביידע ווערען זעהר ניט יושר'דיג באַהאַנדעלט. איך ווייס אַז מיין באַנעמונג וועט בעטראַכט ווערען אַלס די אויפפירונג פון אַ ניט געהאָרכזאַמע טאָכטער. איך האָב געטאָן אַלעס אין דער וועלט צו ענדערען די מיינונג פון מיינע עלטערען; עס האָט מיר אָבער ניט געלונגען. איך זע איצט איין אַז זיי זיינען אומגערעכט און אַז נאָר מיר אַליין קענען באַשליסען וואָס אונזער צוקונפט דאַרף זיין. איך פאַרזיכער דיך אַז מיין באַשלוס וועט ניט געענדערט ווערען, אפילו ווען מיר וועלען זיך אָנשטויסען אויף גרויסע שוועריגקייטען. איך האָב דעם מוט און כוח צו באַקעמפען די מכשולים וועלכע שטייען אין אונזער וועג, אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען טריי איינער דעם צווייטען. מיין ליבע צו דיר איז אַן אויפריכטיגע.

דיין געטרייע מרים ,

My dear Benjamin,

Your letter which I have read and reread, has added to the unhappiness I feel. No matter what I try to say or do, it seems that I am wrong. Indeed, I do think that we are both unjustly treated. I cannot help telling you this even at the risk of being considered a disobedient child. I have made every possible effort to consider my obligations, but all I can think of saying is that we promised to love each other faithfully. I also think that the obstacles before us are unreasonable, and I said so myself many times. I completely agree that we are being treated unjustly, and that we ourselves must make the decision as to what our future is to be. Why this right should be denied us I cannot understand. Nothing will change my feelings towards you, and if your decision brings us greater trials and tribulations, I have the courage to face them, as long as we are together.

With all my love to you, I am, my dear Bennie,

Ever yours,
Miriam

## 12

## באַשולדיגט איר פריינט אין אומטריישאַפט און פערלאַנגט פון אים אירע בריוו צוריק

ליבער סידני,

דיין בריוו צו מרים סטאון, אין וועלכען דו האָסט דיין וואַרימע אין אומשטערבליכע ליבע אויסגעדריקט צו איר, האָט מיך פשוט אויפּגעשוידערט.

אַזוי ווי דו קענסט מער ניט זיין מיין חתן, שיק איך דיר צוריק אַלע דיינע מתנות און בריוו און בעפריי דיך פון דיינע אַלע פאַרשפּרעכונגען וועלכע דו האָסט מיר געגעבען. גלייכצייטיג פערלאַנג איך פון דיר אומצוקערען מיר מיינע בריוו וועלכע איך האָב צו דיר געשריבען.

אסתר גודמאַן

Dear Sidney,

I was both shocked and surprised when I read a letter you wrote last week to Miriam Stone, in which you declared your ardent and undying love for her.

Since it is entirely impossible for you to comply with your obligations as my fiancé while you have such sentiments in your heart for another woman, I am returning to you your gifts and your letters and releasing you from your vows.

I ask you to return to me at once the letters I wrote to you.

Esther Goodman

## 13

## אַ חתונה פאָרשלאַג

טייערע פּאולין,

שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך האָף און שטרעב פאָרצושלאָגען מיין ליבע צו דיר און געבען דיר אַ היים ווי דו האָסט אַ רעכט צו דערוואַרטען פון מיר. איך גלויב אַז דו וועסט דאָס ניט באַטראַכטען פאַר אַ געוואַגטקייט פון מיין זייט, ווען איך בעט דיך אַריינצוטראַכטען זיך אין מיין חתונה פאָרשלאַג.

מיין ליבע צו דיר איז ניט פון איצט אָן. שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך ליב דיך, אָבער איצט קען איך רעדען מיט דיר אָפּענהאַרציג. מיין פינאַנציעלער צושטאַנד מאַכט עס איצט מעגליך פאַר מיר דיר צו געבען אַלע באַקוועמע זאַכען פון אַ גליקליך פאַרהייראַטען לעבען.

אויב מיין פאָרשלאַג וועט געווינען דיין האַרץ, וועט דאָס מיך מאַכען פאַר דעם גליקליכסטען מענשען. שרייב מיר גלייך דיין ענטפער אַז יאָ, דו ביסט מסכים.

ערוואַרטענדיג מיט גרויס אומגעדולד דיין גינסטיגען ענטפער,
פערבלייב איך מיט גרויס ליבע.

מרדכי רובינס

Dear Pauline,

It has long been my ambition and my hope to offer you my love and a home such as you have the right to demand. I hope you will not think me presumptuous when I ask you to consider my proposal of marriage.

I have loved you for a long time but not until recently did I feel I could speak to you. I now feel that I have reached a point in my career where I can accept the responsibilities of married life and offer you all that I have been anxious to give you. If you will consider and accept my proposal, you will make me the happiest man in the world. Do write to me at once and tell me you will be mine. My main purpose in life ever afterwards will be to return your love with the sincerest devotion.

Eagerly awaiting your reply, I am

Affectionately yours,
Marcus Robins

## 14

## צושטימונג צו אַ חתונה פאָרשלאַג

טייערער מרדכי,

איך איל זיך דיר צו ענטפערען אויף דיין חתונה פאָרשלאַג, אַז איך נעם אים אָן מיט גרויס ענטציקונג. איך בין דורכאויס איבער־צייגט אַז איך האָב דיך די גאַנצע צייט ליב געהאַט.

איצט פיל איך דיין ליבע צו מיר נאָך שטאַרקער, ווייל דו האָסט געוואַרט ביז וואַנען דיין מאַטעריעלער צושטאַנד וועט זיין גענוג באַפעסטיגט צו קענען מיר געבען דאָס בעסטע אין לעבען פאַר אונזער ביידענ׳ס גליק.

איך דערוואַרט באַלד דיך צו זען אום צו באַשפּרעכען די נויטיגע פּלענער פאַר אונזער צוקונפט.

מיט ליבע,
דיין פאולין

Dear Marcus,

I hasten to answer your letter because I am firmly convinced I have loved you for a long time. I accept your proposal and I am honored by it.

I think I love you even more, knowing that you waited until such time as you felt you could assume marital responsibilities, for I, too, feel we should not be hasty in taking such an important step as marriage.

I look forward to seeing you this evening when we can discuss our plans for our future.

Affectionately,
Pauline Rosen

## 15

## אַ פערלאַנג בטל צו מאַכען די תנאים צוליב געענדערטע אומשטענדען

מיין טייערע פאולין,

איך ווייס ניט אויב די שלעכטע בשורה וועגען מיין אומגליק האָט שוין דיך דערגרייכט. יעדענפאַלס וועל איך זיך שטאַרקען און אַליין אָנזאָגען דיר די שלעכטע בשורה.

דער באַנקראָט פון אַ נויאָרקער פירמע האָט אזוי צעבראָכען מיין געשעפט, אַז איך בין אינגאַנצען רואינירט געוואָרען. פון אַלע מיינע חשבונות איז גאָרניט געוואָרען.

מיין גרעסטער ווייטאָג איז וואָס איך מוז דיך בעטען מיך צו בעפרייען פון אונזער פייערליכען צוזאָג, ווייל ניט בלויז קען איך ניט קיין היים בויען, נאָר איך מוז נאָך גיין זוכען אַ שטעלע און אויפסניי אָנפאַנגען זוכען מיין גליק.

איך קען פון דיר ניט פערלאַנגען אַז דו זאָלסט זיך אַקטיוו באַטייליגען אין מיין איצטיגען צושטאַנד. דו האָסט זיך געהאָדעוועט אין רחבות און אין לוקסוס, און איך קען דאָס דיר איצט ניט געבען. איך וועל פיל ליידען פון דעם ווייל איך ליב דיך זייער שטאַרק. צום באַדויערען מוז איך דיך בעפרייען.

דיין מרדכי

My dear Pauline,

I do not know whether the news of my misfortune has already reached you, or whether it must be my sad duty to inform you of it. The bankruptcy of a New York business house hit my company so heavy a blow that even though only yesterday I considered myself wealthy, I am ruined today.

It is a bitter blow to me, but my greatest source of sorrow is that I must make an offer to release you from your engagement to me. I planned to give you a beautiful home but, now to my sorrow, I cannot offer you a home any longer. Instead I must look for a job and try my luck again.

I cannot ask you to join me in the struggle. You have had a sheltered life and you are accustomed to luxuries which I can no longer give you. I canont expect you to subject yourself to such privations which, as my wife, you would have to endure.

I love you with complete devotion, but I feel that my changed circumstances make me unable to give you happiness. I must in all honor offer you your freedm.

As ever, dovotedly yours,
Marcus Robins

## 16

## ענטזאָגט זיך פון פאַרשלאַג אים צו בעפרייען

ליבער מרדכי,

פאַר וואָס האָסטו מיר דאָס אַלץ געדאַרפט שרייבען? פאַרוואָס ביסטו ניט גלייך געקומען צו מיר פערזענליך?

מיינסטו טאַקע אַז דיין גוטער פינאַנציעלער צושטאַנד האָט דאָס מיך געצויגען צו דיר, און אַז איצט ווען דו ביזט רואינירט געוואָרען וועט מיין ליבע צו דיר זיך אָפּקילען?

ניין, מיין טייערער. וואָס מיר וועלען איצט טאָן איז בלויז אָפּלייגען אונזער חתונה פאַר אַ קורצער צייט. איך וועל זיך אויסלערנען נייען און זוכען אַרבעט כדי דיר בייהילפיג צו זיין.

קום גלייך אַריבער און לאָז מיך דיר זאָגען אַ טרייסט וואָרט אין דיין איצטיגען קריזיס.

געווים איז די לאַגע ניט קיין געוואונשענע. איך בין מיט דיר אין פרייד און אין לייד.

דיין פּאולין

My dear Marcus,

Why did you not come to me at once with your bad news instead of writing such a letter? Do you think for one minute that it was only your fortune that drew me towards you, or that the loss of your money could diminish my love? The only change is that we may have to wait for our marriage a little longer than we expected. I intend to learn sewing and help you by getting a job myself.

Come to see me soon and let me comfort you. Do not think that I consider your misfortune as a trivial matter, but be assured that in both fortune and misfortune I am ever

Yours,
Pauline

## 17

### אַ פאַרליבטער צו אַ יונג מיידעל

טייערע מאַרגאַרעט,

איך שרייב צו דיר, ווייל מיין ליבע איז אַזוי הייס און שטאַרק אַז זי מוז ווערען אויסגעדריקט אין ווערטער. ווען איך בין אין דיין געגענוואַרט, קען איך ניט און האָב ניט דעם מוט זיך פריי אויס־צודריקען. דו האַלסט מיך אפשר פאַר אַ נאַרישען יונגענמאַן. ניין, איך ליב דיך מיט אַ העלישען פייער אין מיין האַרץ. איך בייגק נאָך דיינעם אַ שמייכעל און אַ וואָרט פון דערמוטיגונג. וועסטו מיר שענקען אָט דעם ליבליכען שמייכעל ? וועל איך הערען דיין דער־מוטיגענד וואָרט? איך דערוואַרט דיין ענטפער מיט גרויס אומגעדולד.

דיין איבערגעגעבענער מאיר

Dear Marjorie,

I am writing to you because the burning love which is consuming my heart must find some expression. When I am near you, I am speechless. I do not dare to pour out the ardent love that consumes me. I fear that you often considered me a fool, whereas I am entranced by your loveliness and I listen with great joy to the music of your voice.

That I love you with all the ardor and all the devotion of a true first love, I believe you must have realized. I am yearning for a smile from you, a word of encouragement or a sign of your love to save me from despair.

Will you grant me that smile? Will you say that word? I am patiently awaiting your answer.

Devotedly yours,
Marcus

18

## באַקלאָגענדיג זיך אויף דער אומטרייהייט פון אַ יונגעננמאַן

ליבער שלמה,

ווי לייכט נאָר דו זאָלסט זיך באַציהען צו פאַרשפּרעכונגען, בין איך דאָך נאַאיוו גענוג זיי צו בעטראַכטען אַלס וויכטיגע. איך בין אויך גענייגט צו גלויבען אַז אַ מענש וואָס ברעכט זיינס אַ פּשוט׳ן צוזאָג במזיד וועט אויך ניט הויך רעספּעקטירען זיינס אַ שבועה.

ווי זאָל איך יעצט באַטראַכטען דיין אויפפירונג? האָב איך דיר ניט פערשפּראָכען צו זיין דיינע? בין איך ניט געווען מער אויפ־ריכטיג צו דיר די גאַנצע צייט ווי דו, נאָך דיינע אַלע דערקלערונגען און פאַרשפּרעכונגען? איז אַזאַ טהאַט גוט פאַר אַ מאַן? זיך צו שפּילען מיט די געפילען פון אַ פרוי און געווינען איר ליבע און שפּעטער זיך באַרימען אַז ער האָט זי פערלאָזען ווייל ער האָט געפונען אַן אנדערע וועלכע אַפּעלירט צו אים מער? איז דאָס מענשליכקייט?

ענטפער מיר גאַנץ אָפען. איך בין איבערצייגט אַז דו ביזט מיר מער ניט געטריי. נעכטען האָב איך דיך געזען שפּאַצירען מיט מיירא גרינבערג, און מ׳האָט מיר פאַרטרויט אַז דו האָסט איר געמאַכט אַ חתונה פאַרשלאַג.

וואָס נאָר דו זאָלסט ניט דענקען, האָב איך איצט אַ געפיל פון פאַראַכטונג און זאַגאר נקמה, וועלכע איז אפשר אַזוי שטאַרק ווי דיין אומדאַנקבאַרקייט. אַ מאַן וועלכער קען מאַכען פון אַ הייליגען פאַרשפּרעכען אַ געלעכטער איז אַ געמיינער מענש.

מיירא גרינבערג וועט פילייכט ווערען דיין פרוי, אָבער זי וועט האַלטען אין אירע אָרעמס אַ מאַן מיט אַ געוויסען פון פאַרראַט און פאַלשקייט. אַזאַ היים קען צו־לאַנג ניט אָנהאַלטען. דער פונדאַ־מענט איז אַ פערדאָרבענער.

איך לאָז דעם ענין איבער צו דיין אינערליך געוויסען.

מרים

Dear Solomon,

However lightly you may consider promises, I am naive enough to consider them important. I am also inclined to believe that a person who voluntarily breaks a promise will not have much respect for an oath. Since that is the case, how then shall I look upon your conduct? Did I not promise to be yours, and did you seek my heart to satisfy your empty vanity? It is indeed an inhuman satisfaction to triumph over the weakness of a woman whose greatest fault was that she loved you. Is your conduct consistent with my devotion or your own solemn declaration? Is it consistent with the character of a gentleman first to obtain the consent of a woman and later boast that he abandoned her and found someone else more agreeable to him?

Answer me plainly. I have very convincing proof that you are no longer devoted to me. Yesterday I saw you walking with Myra Greenberg, and I was told that you had proposed to her.

Whatever you may think, I have a feeling of disdain, even of vengeance, which is as strong as your ingratitude, and I can demonstrate properly my indifference to a man who is so base that he is able to treat the most sacred promises as trivialities. Myra Greenberg may become your wife, but she will receive in her arms a husband guilty of falsehood. Nor will a structure last long, when it is built upon such a weak foundation. I leave you to the still small voice of your own conscience.

Mary

## 19

## ענטפער אויף בריוו 18

מײַן טײַערע מרים,

איך באַדויער שטאַרק וואָס דו צווייפעלסט אין מײַן ליבע און טרײַשאַפט צו דיר. גלויב מיר אַז מײַן אויפמערקזאַמקייט צו מיירא גרינבערג איז פּשוט'ע העפליכקייט. איר ברודער איז מיינם אַ נאָענטער חבר.

איך ווייס ניט ווער עס האָט דיר אַזאַ זאַך געקענט זאָגן, אַז איך האָב פאַרגעשלאָגן מיירא חתונה צו האָבען מיט איר. דאָס איז ניט אמת. ווי אַזוי וואָלט איך געקענט טאָן אַזאַ זאַך? מיר זיינען דאָך פערלאָבט, און אָט דאַרפען מיר באַלד גיין צו דער חופה!

גלויב מיר, כ'בעט דיך, אַז מיין ליבע צו דיר איז די זעלבע ווי פריער. איך בין דיר געטריי, און עס טוט מיר לייד וואָס איך האָב דיר פאַראורזאַכט צו צווייפלען אין מיר.

איך ליב דיך, טייערסטע מרים,
אויף אייביג דיינער, שלמה

My Dearest Mary,

Oh, how I regret that you doubt my love for you. Believe me that the attention I gave to Myra Greenberg was at no time anything more than common courtesy. My long acquaintance with her brother was the only reason I paid any attention to her. I do not know who told you I had proposed to her. I did no such thing. How could I, when I am engaged to you and we are soon to be married?

I beg you to rest assured that my love for you is the same as ever and that I am very sorry if I gave you any cause for doubt.

I remain, dearest Mary,
Devotedly yours always.
Solomon

## 20

### דער מיידעל'ס ענטפער

טייערער שלמה,

דיינע ווערטער האָבען מיך פאַלשטענדיג איבערצייגט אין דיין טריישאַפט צו מיר. אין אויפרעגונג און גרוים איילעניש האָב איך געשריבען מיינע צאָרענדיגע ווערטער און באַשולדיגט דיך אין פאַלשקייט און אומגעטריישאַפט. איך בעט דיין אַנטשולדיגונג. אין דער צוקונפט וועל איך זיין מער פאָרזיכטיג.

האָפענדיג אַז דו וועסט פאַרקוקען אָט די אונאַנגענעמע פאַסירונג, פערבלייב איך

דיין ליבענדע מרים

Dear Solomon,

Your words have fully convinced me of your sincerity. I am ashamed of my haste in accusing you of falsehood. Please forgive me for hurting your feelings, and rest assured that in the future I shall be more cautious than I was on this occasion.

Hoping that you will forget this little unpleasant incident of ours, I am always

Your loving Mary

## 21

## אַ צווייטער ענליכער ענטפער

טייערער שלמה,

ווי עס שיינט ביזטו ניט קיין פריינטליכע פערזאָן. איך האָב בלויז געשריבען אין אַ שפאסיגען טאָן, און האָב דערביי קיין שלעכטע כוונה ניט געהאַט. ווען איך וויים אַז דו ווערסט דאָס נעמען זייער ערנסט, וואָלט איך קיינמאָל אזעלכעס ניט געטאָן.

איך האָף אַז דו ווערסט מיר אַנטשולדיגען און אין דער צוקונפט וועל איך אַזעלכעס מער ניט איבער'חזר'ן. איך זאָג דאָס דיר, ניט ווייל איך האָב אַ שוואַכען כאַראַקטער. ניין, גאַנץ פשוט: אויב איך האָב ווירקליך געטאָן אַ זאַך וואָס איז ניט ריכטיג, בין איך מודה ומתוודה אום אויסצומיידען אַזעלכע אונאַנגענעמליכקייטען אין דער צוקונפט.

דיין געטרייע

דאָרא

Dear David,

You are evidently an unfriendly person. I was jesting somewhat and I meant no harm. You, however, took it seriously. I am very sorry for what I did. If I had known that such things would disturb you, I would not have given you any cause for it. I hope you will forgive me and I promise you that in the future I will be more careful. Do not think I say so because I have a weak character, but only because, if I did do something wrong, I do not want to defend it in order to avoid giving further offense.

As ever, devotedly yours,
Dora

## 22

### אַ בריוו צו אַ געליבטען

טייערער טשאַרלס,

איך וואָלט גערן געפלויגען צו דיין געבורטסטאָג פייערונג!

איך בין גליקליך צו וויסען אַז דו ביזט מיינער. פון טיפען האַרצען שיק איך דיר מיינע הייסע וואונשען.

די בייגעלייגטע מתנה האָב איך אַליין געמאַכט. איך האָף אַז דו וועסט גרויס הנאה האָבען דערפון.

אַז דו זאָלסט באַלד צוריק קומען איז אין דיזען מאָמענט דער האַרציגסטער וואונש פון

דיין אסתר

Dear Charles,

How happy I would be if love could give me wings to fly to you on your birthday! The knowledge that you are mine fills my heart with joy and compels me to send you my best wishes for your health, happiness and welfare. Accept also the little present which accompanies these lines. I made it myself, and I hope you will like it.

That you may soon return is the heartfelt wish of

your Esther

## 23

### פון אַן אייפערזיכטיגען מאַן

טייערע דאָרא,

בעטראַכטענדיג אונזער פריינטשאַפט, איז ניט מער ווי ריכטיג דאָס מיר זאָלען זיך באַציען איינער צום צווייטען מיט אָפענהאַר־ציגקייט און גרויס צוטרוי. ווען איינער פילט ס'איז עפּעס פאַראַן געגוג גרונד צו צווייפלען — דאַן איז דער איינציגער וועג דער אמת!

איך וויל דיר אָפען זאָגען אַז לעצטענם האָסטו מיר מיט דיין האַלטונג פיל עגמת נפש פאַרשאַפט, אַנשטאָט צו שענקען מיר דיין אויפמערקזאַמקייט, האָסטו גאַנץ געמיטליך אָנגענומען די אויפמערקזאַמקייט פון אַ צווייטען. אַזאַ באַציהונג איז ניט אין די ראַמען פון אונזער פערלאָבונג.

גלויב מיר אַז איך וויל ניט פערשקלאַפען דיינע געפילען, אָבער דו קענסט ניט דערוואַרטען אַז איך זאָל זיך באַציהען מיט גלייכ־גילטיקייט צו אַזאַ ענדערונג. יאָ, איך בין גערירט, און אפשר מאַך איך דעם איינדרוק פון אויפרעגונג, אָבער קיינמאָל ניט גרויזאַם. איך האָף אַז עטליכע ווערטער פון דיר וועלען פערטרייבען די כמאַרעס וועלכע פערדונקלען איצט מיינע עראינערונגען פון דיר!

דערוואַרטענדיג מיט גרוים אומגעדולד דיין ענטפער, פער־בלייב איך דיינער מיט ליבע,

יוליום

Dear Dora,

On the basis of our relationship towards each other, it is not only proper but also necessary that we shall have complete confidence in each other, and when one of us feels that there is cause for dissatisfaction, the only remedy is to speak openly about whatever is on our minds.

I must tell you that recently I was very uneasy and that you are the only cause of it. I noted with much anguish that attentions only I have a right to offer you were being paid you by someone else, and that apparently you accepted them with a feeling of satisfaction. This is not consistent with the bonds of our engagement, as you can readily understand. Believe me, I will not take away your freedom in whatever you have a right to do, but you cannot expect me to allow any doubt of your love without protest. Forgive me if I apepar excited or unkind to you, because I do not mean to be. I still hope that a few words from you will dissipate the clouds darkening my memories of you.

Anxiously awaiting your reply, I remain

Yours affectionately,
Julius

## 24

## אַ ניט פריינטליכער ענטפער

טייערער יוליוס,

ווען דו פערלאַנגסט פון מיר אַז איך זאָל אויפגעבען אַלע מיינע פריינט און בעקאַנטע, פערלאַנגסטו טאקע שוין צופיל. איך האָב דיר קיינמאָל ניט פערשפּראָכען אַז איך וועל זיך איזאָלירען פון פריינט. דו האָסט קיין מאָראַלישע רעכט צו פאָדערען פון מיר אַזא זאַך. דיין בריוו איז אומפריינטליך, און ער פאַרדינט ניט קיין בעסערען ענטפער. אויב אונזער פערלאָבונג איז דיר צולאַסט, בין איך גרייט זי אָפּצוברעכען צו יעדער צייט. פאַר אייפערזיכט איז דאָס דער איינציגער וועג.

דאָרא

Dear Julius,

You ask too much when you require me to give up all my friends and acquaintances. I did not promise you that I would separate myself completely from everyone I know. You have no right to expect this from me. Your letter is so unfriendly that it does not merit any better reply, and if our engagement is a burden to you, I, for one, would like to see it terminated. Jealousy deserves only disdain.

Dora

## 25

## ליבהאָבער באַקלאָגט זיך וואָס ער באַקומט ניט אָפטע בריוו ווען ער איז אין דער פרעמד

טייערע בתיה,

יעדען טאָג גיי איך צו דעם פּאָסט אָפּיס און באַקום אַלץ דעמזעלבען ענטפער: „ניטאָ קיין בריוו פאַר גרשון הערץ”. ווען אבער ס'איז יאָ דאָ אַ בריוו פאַר מיר, איז עס ניט אָט דער שיינער קאָנווערט מיט דער שיין-געשריבענער אַדרעס אויף וועלכען איך וואַרט אַזוי אומגעדולדיג.

איך האָב פון דיר דערהאַלטען ניט מער ווי צוויי בריוו זייט איך בין דאָ אָנגעקומען. וואָס איז די אורזאַך, בתיה? דאָס וואָס דו זאָגסט אַז דו שרייבסט נאַרישע בריוו שיינט צו זיין אַ קינדישע באַמערקונג. דיינע בריוו זיינען ביי מיר קיינמאָל ניט נאַריש. איך וואָלט זעהר וועלען האָבען אַ צייכען פון דיין ליבשאַפט, און וויסען אַז דיין האַרץ באַלאַנגט צו מיר אויף אַן אמת, ווי דו פאַר־זיכערסט מיך פון צייט צו צייט.

שרייב מיר אַלזאָ, מיין טייערינקע, גאַנץ אָפט. דיינע בריוו וועלען פאַרלייכטערען מיין איינזאַמקייט אין משך פון דער לאַנגער צייט וואָס איך מוז פאַרברענגען אַוועק פון דיר. מיין אוועקזיין פון דיר וועט אַזוי אַרום זיין עטוואָס בעסער צו דערליידען.

האָפענדיג צו הערען פון דיר באַלד, טייערע בתיה,

דיין ליבענדער גרשון

Dear Bessie,

Every day I go to the post office and I always get the same reply: "No letter for James Hart," and when I do get one, it is not the beautiful envelope and the clearly written address for which I wait so anxiously.

I received only two letters from you since I arrived here. What is the reason for this, Bessie? Your statement that you write stupid letters appears childish to me. Your letters are never stupid to me. I should like very much to have some proof that you love me and that your heart, as you assure me, belongs to me.

Write me then, my darling, often. Your letters will relieve my suffering during the long period of time in which I have to live away from you, and soften the bitterness of my separation from you.

In the hope of hearing from you soon, I am always, dear Bessie,

Your loving James

# פאַרשידענס

## *MISCELLANEOUS*

### 1

### איינלאַדונג צו אַ ברית מילה

ליבער יעקב,

מיר האָפֿען צו האָבען דעם פֿאַרגעניגען פֿון אייער אַנוועזענ-היים ביי אונזער זונ'ס ברית מילה, מיטוואָך, אי"ה, דעם 7-טען סעפּטעמבער, 11 אַ זייגער אינדערפֿרי, אין אונזער היים. לאָזט אונז וויסען אַז איר קומט.

רחל און שמואל לעסער

Dear Jack:

We request the pleasure of your company at the circumcision of our son Solomon, which will take place on Wednesday, September 7th, 11 A.M., at our home.

Rachel and Samuel Lesser

### 2

### אַ בר-מצוה איינלאַדונג

חשוב'ע מר. און מרס. ראָזען:

מיר האָפֿען צו האָבען דעם פֿאַרגעניגען פֿון אייער אַנוועזענ-הייט ביי אונז אויף אַ סעודת מצוה, זונטאָג אָווענט, דעם 11-טען סעפּטעמבער, 6 אַ זייגער, לכבוד אונזער זון נתן, וועלכער איז איצט געוואָרען אַ בר-מצוה.

מר. און מרס. פֿעלדמאַן

Dear Mr. and Mrs. Rosen:

We request the pleasure of your company at dinner Sunday evening, September 11, at six o'clock, in honor of our son, Nathan, who has now reached his Bar Mitzvah occasion.

Mr. and Mrs. Feldman

3

## פאָרמעלע חתונה איינלאַדונג

יעקב כ״ץ און זיין פרוי
האָבען דעם כבוד אייך אײַנצולאדען
צו דעם חתונה פון זייער טאָכטער

ש ר ה

מיט

ש מ ו א ל ר א ז ע ן

זונטאָג נאָכמיטאָג, דעם 11־טען סעפטעמבער, 1960, י״ט אלול תשכ״א,
5 אַ זייגער אין „גאָלדען האָל״
35 סעקאָנד עוועניו, ניו יאָרק

זייט אַזוי גוט און לאָזט
אונז וויסען אַז איר קומט

Mr. and Mrs. Jacob Katz
request the pleasure of your company
at the marriage of their daughter,
Sophie,
to
Samuel Rosen
on
Sunday afternoon, the eleventh of September,
nineteen hundred and sixty

at five o'clock in the
Golden Hall
35 Second Avenue
New York

R.S.V.P.:
132 Linden Avenue
New York

4

## פֿאָרמעלע אַקצעפּטירונג פֿון אַ חתונה איינלאַדונג

מר. הענרי גאָלד און פֿרוי

אַקצעפּטירען מיט פֿאַרגעניגען די שיינע איינלאַדונג פֿון מר. יעקב כ״ץ און זיין פֿרוי צו דער חתונה פֿון זייער טאָכטער שרה מיט מר. שמואל ראָזען, זונטאָג נאָכמיטאָג, דעם 11-טען סעפּטעמבער, פֿינף אַזייגער אין „גאָלדען האָל״.

Mr. and Mrs. Henry Goldberg
accept with pleasure the kind invitation
of Mr. and Mrs. Jacob Katz
to the marriage of their daughter,
Sophie, to Mr. Samuel Rosen,
Sunday afternoon, September eleventh,
at five o'clock,
in the
Golden Hall

5

## אַ פֿאָרמעל צוריקגעוויזענע איינלאַדונג

מר. און מרס. יעקב גאָלדבערג באַדויערען דאָס אַ פֿריערדיגע אונטערנעמונג מאַכט עס אוממעגליך פֿאַר זיי אַנוועזענד צו זיין אויף דער חתונה פֿון שרה כ״ץ און שמואל ראָזען, דעם עלפֿטן סעפּטעמבער.

Mr. and Mrs. Henry Goldberg regret that a previous engagement prevents them from attending the marriage of Miss Sarah Katz to Mr. Samuel Rosen, on Sunday, the eleventh of September.

## 6

## איינלאַדונג צו אַ פּריוואַטער חתונה

טייערער פריינט:

די חתונה פון מיין טאָכטער, רבקה, דעם קומענדען דאָנערשטאָג, וועט זיין פּריוואַט. עס זיינען אָבער דאָ איניגע פון מיינע אַלטע פריינט, וועלכע איך וואָלט וועלן האָבן ביי דער חתונה, און איך האָף אַז איר וועט מיר געבן דאָס פאַרגעניגען צו זיין אנוועזענד. די חופּה וועט פאָרקומען אום 5 נאָכמיטאָג, און נאָך דער חופּה וועלען מיר האָבען אַ מאָלצייט. רבקה שיקט אייך איר גרוס.

אויפריכטיג,

דוד גאָלדשטיין

Dear Friend:

The wedding of my daughter, Beckie, next Thursday, will be a private one. There are, however, a few of my old friends whom I should like to have present, and I hope that you will give me the pleasure of seeing you. The ceremony will take place at 5 P.M., and after the ceremony we will have dinner. Beckie sends her regards to you.

Sincerely yours,
David Goldstein

## 7

## פאָרמעלע איינלאַדונג פון געסט נאָך אַ חתונה

מר. און מרס. חיים בלאַנק וועלען זיין אין זייער היים, זונטאָג, דעם 11־טען סעפּטעמבער, 1960, פון 3 ביז 6 נאָכמיטאָג.

65 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק אַפּאַרטמענט E7.

Mr. and Mrs. Hyman Blank,
at home, Sunday, September 11, 1960, from 3 to 6 P.M.,
at 65 East Broadway, New York, Apartment E7.

## 8

## איינלאַדונג צו אַ לוויה

חשוב'ער פריינט:

איך בעט אייך, אַז איר זאָלט קומען צו דער לוויה פון מיין ברודער בצלאל, וועלכער איז היינט געשטאָרבען.

פארפעלט ניט צו קומען. אייער אַנוועזענהייט וועט מיר פאַר־שאַפען טרייסט. די לויה וועט זיך אָנפאַנגען מאָרגען 10 אַ זייגער אינדערפרי, פון דער היים פון דעם נפטר. 112 קלינטאָן סטריט.

אייער טרויערענדער פריינט
נתן בערענסאָן

Dear Sir:

I request you to attend the funeral of my brother Charles who passed away today. Do not fail to come, because your presence will give me consolation. The funeral will begin from the home of the deceased, 112 Clinton Street, at 10 A.M. tomorrow.

Your friend in mourning,
Nathan Berenson

## 9

## נאָך אַן איינלאַדונג צו אַ לוויה

מר. און מרס. נתן בערענסאָן בעטען מר. גאָרדאָן ער זאָל זיין אזוי גוט און קומען צו דער לויה פון זייער טאָכטער, רחל, דינסטאָג, 10 אינדערפרי, 30 איסט 105־טע סטריט, ניו־יאָרק.

Mr. and Mrs. Nathan Berenson request the favor of Mr. Gordon's presence at the funeral ceremonies for their daughter, Rachel, this Tuesday, 10 A.M. at 30 East 105th Street, New York.

## 10

### איינלאַדונג צו אַ קאָנצערט

חשוב'ער פריינט:

מיר בעטן אײַך אָנצונעמען די אײַנגעשלאָסענע בילעטן פֿאַר אַ בענעפֿיט קאָנצערט, געגעבן פֿון דעם דערציהונגס-פֿאַראיין.

וויסענדיג אײַער אינטערעס אין דער אַרבעט וואָס דער פֿאַראיין טוט בין איך זיכער אַז איר וועט גערן בײַשטייערן דערצו.

דאַנקענדיג אײַך פֿאָראויס, מיט אַכטונג,

ד. קאַפּלאַן, סעקרעטאַר

Dear Sir:

Please accept the enclosed tickets for a benefit concert given by the Educational Society. Knowing your interest in the work the society is doing, I am sure you will want to contribute to it.

Thanking you in advance, we are

Very respectfully yours,
The Book Committee
D. Kaplan, Sec.

## 11

### מיטגליד גערופֿען צו אַ פֿאַרזאַמלונג

חשוב'ער פריינט:

אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אונזערע תלמוד תורה מיטגלידער וועט פֿאָר-קומען מיטוואָך אָווענט, 7 סעפּטעמבער, אום 8 אַזייגער, אין דער וואוינונג פֿון מר. ל. פּלייטאַ, 207 איסט בראָדוויי.

איהר ווערט געבעטן צו זײַן אָנוועזענד.

שמואל פינק, סעקרעטאַר

Dear Sir:

A meeting of the Hebrew School Association will take place on Wednesday, September 7, at 8 P.M., at the home of Mr. L. Plato, 207 East Broadway, and you are respectfully requested to attend.

Samuel Finn, Secretary

## 12

## אַ רעדנער איינגעלאַדען

חשוב'ער פריינט:

אונזער תלמוד-תורה פאַראיין וועט אָנהאַלטען אַ וויכטיגע פאַר-זאַמלונג, מיטוואָך, דעם 7-טען סעפּטעמבער, 1960, אין 207 איסט בראָדוויי.

מיר בעטען אייך זיך צו באַטייליגען אין אָט דער פאַרזאַמלונג אלס רעדנער וועגען די צוועקען פון אידישער דערציהונג, ארום 9 אַ זייגער אין אָוונט.

האָפענדיג אַז איר וועט דערפילען אונזער בקשה.

בכבוד רב,

דער קאָמיטעט

Dear Sir:

On Wednesday, September 7, 1960, the Hebrew School Association will have an important meeting at 207 East Broadway. We request you to appear at our society then, at 9 P.M., to deliver an address on the aims of Jewish education.

Hoping you will not refuse this request, we are

Very respectfully yours,
The Committee

## 13

### בריוועל געשיקט מיט אַ געבורטסטאָג מתנה

טייערע שרה,

דו האָסט אוודאי געמיינט אַז איך האָב פאַרגעסען דיין געבורטס־טאָג. ניין, ניט איך! ווען איך בין נעכטען געוועזן אין אַ גרויסען גע־שעפטס־פּלאַץ האָב איך באַמערקט אַ הוט וואָס האָט אויסגעזען פּונקט ווי ער וואָלט געמאַכט געוואָרען פאַר דיר. איך האָב דעם הוט געקויפט און גלייך אים געשיקט צו דיר, אָבער איך האָב פאַרגעסען אַריינלייגען אַ קאַרטל מיט מיין נאָמען.

אַלזאָ, זיי וויסען אַז איך האָב דיר דאָס דעם הוט געשיקט.

איך ווינש דיר אַן אמת גליקליכען געבורטסטאָג.

דיין איבערגעגעבענע שפרה

Dear Sarah,

Do you think I would forget your birthday? Not I! When I was in a large place of business the other day, I saw a hat which seemed just made for you. I bought it and sent it to you at once, but I forgot to put a card in with it.

This is to let you know who sent it. I do want to wish you a very, very happy birthday.

Sincerely,
Sadie

## 14

### בריוועל געשיקט מיט אַ חתונה־מתנה

טייערע מרים,

איך בעט דיך אָנצונעמען די מתנה מיט מיינע איבערגעבענסטע וואונשען פאַר דיין גליק אין דיין נייעם לעבן.

איך האָף אַז דו וועסט מיט פאַרגעניגען באַנוצען אָט די מתנה יעדען טאָג: אינדערפרי, מיטאָג, און אין אָוונט.

דיין ליבענדע פריינדין
מיני

Dear Miriam,

Please accept this gift with my sincerest wishes for your happiness in your new life.

I hope you will use the present every day while enjoying your breakfasts, dinners and suppers.

Your loving friend,
Minnie

15

## אַ בריוועל געשיקט מיט אַ ניי-יאָר מתנה

מיין טייערער מעקס,

איך האָף אַז דו וועסט האָבן פאַרגעניגען לעזענדיג די נייע אויפלאַגע פון שעקספּיר׳ס ווערק, וואָס איך שיק דיר.

מיט די בעסטע וואונשען פאַר אַ גליקליכען נייעם יאָר.

דיין אויפריכטיגע פריינדין,
דאָרא סעמיועלס

My dear Max,

I hope you will enjoy the new edition of Shakespeare's works which I am sending you.

With best wishes for a happy new year, I am

Your sincere friend,
Dora Samuels

16

## אַ בריוועל געשיקט מיט אַ פאָטאָגראַפיע

טייערע בעססי,

איך שיק דיר דאָ מיין נייעסטע פאָטאָגראַפיע. איך גלויב אַז דאָס בילד איז גוט ארויסגעקומען, און איך האָף אַז עס וועט דיך אָפט דערמאָנען פון דיין צערטליכע פריינדין,

לילי

Dear Bessie,

I am sending you, with this letter, my most recent photograph. I think it is a good one and I hope it will often remind you of

Your affectionate friend,
Lillie

## 17

## בריוועל געשיקט מיט אַ מתנה צו אַ זילבערנע חתונה

חשוב'ע פרוי אַדלער:

איך דאַנק אַייך פאַר אַייער פריינטליכע אַיינלאַדונג צו זיין ביי דער פייערונג פון אייער זילבערנער חתונה. איך נעם אָן אַייער איינ־לאַדונג מיט פאַרגעניגען.

איך שיק אַייך אַ קליינע מתנה אַלס אַ צייכען פון מיין ליבע און מיינע גוטע וואונשען. איך האָף אַז איר וועט דערמיט זיין צופרידען; און אַז עס וועט אַייך דינען אַלס אַן אָנדענקונג פון דער איצטיגער פרייליכער געלעגענהייט.

אויף תמיד אייער פריינט
אלעזר

My dear Mr. Adler:

Thank you for your kind invitation to attend the celebration of your silver wedding anniversary. I accept with pleasure.

I am sending you a small gift as a token of my affection and good wishes. I hope you like it and that it will serve as a memento of this happy occasion.

Ever your friend,
Lazarus

## 18

# איינלאַדונג צו אַ חנוכת הבית

ליבער פריינט:

איך האָב דאָס פאַרגעניגען אײַך אײַנצולאַדען צו אונזער חנוכת הבית. מיין ניי הויז איז ערשט פאַרענדיגט געוואָרען. איך האָב באַשלאָסען צו מאַכען אַ מאָלצייט לכבוד אָט דער געלעגענהייט פאַר אַלע מיינע פריינט, און איך בעט אײַך אַז איר זאָלט זיין אַנוועזענד. די צייט וועלכע איך האָב באַשטימט איז דער 16-טער אקטאָבער, 8 אָוועגט, ווען עס וועט מיך זעהר פרייען אײַך צו זען אין מיין וואוינונג, 70 וועסט 72-טע סטריט.

האָפענדיג אַז איר וועט אָננעמען מיין אײַנלאַדונג,

אייער אויפריכטיגער פריינט

אהרן גרינבערג

New York, August 4, 1960

Dear Friend,

I have the pleasure of inviting you to the celebration for the opening of my new home, which was just completed. I decided to give a dinner for all my friends in honor of this occasion, and I am asking you to be present. The time I set for the reception of guests is the 16th of October, at 8 P.M., when I will be pleased to see you at my home, 70 West 72nd Street.

Hoping you will accept this invitation, I am

Your sincere friend,
Aaron Greenberg

## 19

### דאַנק־בריוו פאַר אַ מתנה צו אַ זילבערנע חתונה־פייערונג

ליבע פרוי לאַזאַרוס:

אייער זעהר פריינטליכער גליקסוואונש מיט דעם שיינעם זיל־בערנעם שאַכטל זיינען מיר ערשט אָנגעקומען. איך דאַנק אייך זעהר פיל פאַר אייער פריינטליכען אָנדענק. עס איז אַ וואונדערבאַרע מתנה. און יעדעם מאָל ווען איך וועל זיך דערמיט באַנוצן וועט עס מיר דערמאָנען פון מיין פייערונג. מיין מאַן און איך שיקען אייך אונזער האַרציגען דאַנק.

אייער אויפריכטיגע פריינדין
רחל אדלער

My dear Mrs. Lazarus:

Your very kind note of congratulations and the beautiful silver case have just reached me. Thank you very much for your kind remembrance. It is a lovely gift and will remind me of my recent anniversary every time I use the case.

My husband joins me in my kind regards to you.

Your sincere friend,
Rachel Adler

## 20

### אויסבאָרגען אַ וואַליז

ליבער מאַרק:

זיי אזוי גוט מיר אויסצובאָרגען אַ וואַליז אויף אַ וואָך צייט. איך מוז פאָרען קיין באָסטאָן פאַר איינינגע טעג און איך דאַרף אַ וואַליז גרויס גענוג צו טראָגען נאָך אַן אַנצוג און עטליכע העמדער. אויב דו קענסט עס מיר לייען, וועסטו מיר טאָן אַ גרויסע טובה.

אויפריכטיג, לואיס

Dear Marc,

Would you be willing to lend me a valise for a week? I have to go to Boston for a few days and I need a travelling bag large enough to carry an extra suit and shirts.

If you can lend me a valise for this trip, you will be doing me a big favor.

Sincerely,
Louis

## 21

## דאַנק-בריוו פאַר אַ קינד׳ס פאָטאָגראַפיע

ליבע פרוי מייערסאָן:

איך דאַנק אייך פון גאַנצען האַרצען פאַר׳ן בילד פון אייער ליבען קינד. איך בין געווען זייער נייגעריג צו וויסען ווי זי זעט איצט אויס. מיר קומט פאָר איצט אַז איך זע זי פערזענליך. עס פאַרשאַפט מיר גרויס פאַרגעניגען צו זען, דאָס זי איז אַזאַ שיין קינד. איך האָף, דאָס איר וועט זי אין קורצען ברענגען קיין ניו יאָרק.

אייער אמת׳ע פריינדין
חנה הירש

Dear Mrs. Meyerson:

Thank you with all my heart for the picture of your dear child. I was very eager to know how she looks at present, and it seems to me that I see her in person. It gives me great pleasure to see that she is a beautiful child. I hope you will soon bring her to New York.

Your true friend,
Hannah Hirsh

## 22

### דאַנק-בריוו פאַר אַ פאָטאָגראַפיע

טייערע חנה,

אַ האַרציגען דאַנק פאַר דעם בילד וואָס איך האָב אָט ערשט ערהאַלטען. ס'איז אַן אויסגעצייכענטע בילד, און איך בין זעהר צופרידען צו זען עס ביי מיר אין דער היים.

מיט אַ האַרציגען גרוס צו אַלעמען.

דיין ליבענדע טאַנטע
מאַטילדע סיימאָנס

Dear Hannah,

Many thanks for the photograph I just received. I think it is an excellent picture and it gives me great pleasure to see it in my home.

With hearty greetings to everyone, I remain

Your loving aunt,
Mathilda Simons

## 23

### דאַנק-בריוו פאַר אַ געבורטסטאָג מתנה

מיין טייערע פריינדין:

אַ גרויסען דאַנק פאַר דעם שיינעם ביכער-שראַנק, וועלכען איר האָט מיר געשיקט אַלס אַ געבורטסטאָג-מתנה. אַלע באַוואונדערען עס זייער פיל, און איך בין זייער גליקלאַך וואָס איך האָב ערהאַלטען אַזאַ גרויסאַרטיגען אָנדענק פון אייער פריינטשאַפט.

מיט דער האָפענונג אַז מיר וועלען זיך מיט אייך זען דעם פאָלגענדען מיטוואָך, ווען מיין מוטער וועט פייערען מיין געבורסטאָג מיט אַ באַנקעט, פאַרבלייב איך אייער טרייע פריינדין,

לאה גאָלדמאַן

My dear Friend:

Many thanks for the beautiful bookcase you sent me as a birthday gift. Everyone admires it greatly and I am very happy that I received such a splendid souvenir of your friendship.

Hoping that we shall see you next Wednesday at my birthday party, I remain

Your sincere friend,
Lea Goldman

## 24

### דאַנק-בריוו פאַר לייען אַ בוך

חשוב'ער פריינט:

איך שיק אייך בייליגענד צוריק וואַשינגטאָן אירווינג'ס בוך וועלכען איר האָט מיר געליען, און איך דאַנק אייך הארציג פאַר דעם פאַרגעניגען וואָס עס האָט מיר פאַרשאַפט.

אייער אויפריכטיגער פריינד
מרדכי

Dear Sir:

I am enclosing for you the book of Washington Irving, which you loaned me, and I thank you heartily for the pleasure you gave me.

Your sincere friend,
Marty

## 25

### אַיינלאַדונג צו אַ חנוכת-הבית פון א שול

קהילת משכן ישראל ניו-יאָרק

ניו יאָרק 1 דעצעמבער 1960

חשוב'ער פריינט:

מיר לאדען אייך איין צו זיין אנוועזענד ביי דעם חנוכת-הבית פון אונזער נייער שול, וועלכע מען האָט געענדיגט בויען די וואָך.

דער חנוכת הבית וועט פאָרקומען דעם 18־טען דעצעמבער 1960, 3 אזייגער נאָכמיטאָג. אלע מיטגלידער זיינען געלאַדען צו קומען. פאַרפעלט ניט צו זיין אָנוועזענד. חזן סאַפיר צוזאַמען מיט א כאָר וועלען אָנפירען מיט דעם געזאַנג, און באַוואוסטע רעדנער וועלען אַדרעסירען דעם עולם.

אין נאָמען פון פרעזידענט,
לואיס היימאַן, סעקרעטאר

Mishkan Yisroel Congregation, New York
December 1, 1955

Dear Sir:

We are inviting you to attend the dedication of our new synagogue, the construction of which was completed this week. The ceremony will take place December 18, 1955, 3 P.M. All members are invited. Do not fail to be present. Cantor Shafir together with a choir, will conduct the ceremony, and prominent speakers will address the audience.

By order of the President,
Louis Hyman, Secretary

## 26

## אײַנלאַדונג צו סיום הספר

ניו יאָרק 1 אוגוסט 1960

חשוב'ער פריינט:

איר זייט געבעטען צו זיין ביי דעם סיום הספר אין אונזער שוהל משכן ישראל. דער סיום וועט פאָרקומען דעם 6־טען אויגוסט, 8 אזייגער אין אָוונט.

אין נאָמען פון פרעזידענט,
אלעזר היימאַן, סעקרעטאר

New York, August 1, 1960

Dear Sir:

You are requested to be present at the ceremony of completion of the writing of the Torah in our synagogue, "Mishkan Yisrael." The ceremony will take place on the 6th of August, at 8 P.M.

By order of the President,
Louis Hyman, Secretary

## 27

## אַ וועקסעל

ניו־יאָרק, 1־טען אוגוסט, 1960.

פיר מאָנאַטען נאָכ'ן דאַטום פאַרשפּרעך איך צו צאָלען צו הענרי גאָלדמאַן די סומע פון פינף הונדערט דאָלאַר, מיט פיר פּראָצענט, דעם ווערט פון דעם געלט ערהאַלטען.

יוסף כהן

New York, August 1, 1960

Four months hence I promise to pay to Henry Goldman the sum of five hundred dollars with four per cent interest. Value received.

Joseph Cohen

## 28

## פאָרמולאַרען פון קוויטונגען

1. פאָרם פון אַ קוויטונג פאַר געלט, וואָס ווערט ערהאַלטען אויפ'ן חשבון.

ניו־יאָרק, 1־טען אוגוסט, 1960.

ערהאַלטען פון ד. וויליאַמס צוויי הונדערט דאלאר אופ'ן חשבון.

שלמה דזשאָזעפסאָן

New York, August 1, 1960

Received from L. Williams two hundred dollars, on account.

Solomon Josephson.

## 2. פאָרם פון אַ קוויטונג פאַר דעם פולען בעטראַג.

ניו־יאָרק, 1־טען אויגוסט, 1960.

ערהאַלטען פון ל. וויליאַמס די פולע סומע פון אַכט הונדערט דאָלאַר, און איך האָב קיינע פאָדערונגען געגען אים ביז'ן דאַטום.

שלמה דזשאָזעפסאָן

New York, August 1, 1960

Received from L. Williams the full amount of eight hundred dollars, and I have no further claims against him to this date.

Solomon Josephson.